חיים קאַנטאָראָוויטש

# אין ליכט פון מאַרקסיזם

הויפּטפארקויף:

מאַקס נ. מייזעל

ניו יאָרק. 1925

# פאָרוואָרט

די מערסטע אַרטיקלען וואָס שטעלן צוזאַמען דעם בוך, זיינען פריער געדרוקט געוואָרן אין ענגליש. אין דעם מאַרקסיסטישן זשורנאַל „דהי מאָדערן קוואַרטערלי" — „די אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער טאַקטיק" איז געדרוקט געוואָרן אין אַ גאַנצער רייע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע צייטשריפטן. און דאַכט זיך אויך אין איין קאַנאַדישער צייטונג, עס איז דערנאָך דערשינען אין אַ באַזונדער ביכל אונטערן נאָמען „דהי רייז ענד דעקליין אָוו נעאָ קאמוניזם". דער אַרטיקל „די רוסישע רעוואָלוציע און דער אַלוועלטלאַכער סאָציאַליזם" איז געווען געדרוקט אין דער אידיש סאָציאַליסטישער מאָנאַטשריפט" און אין דער דייטשער „פאָלקס צייטונג". די איבעריקע אַרטיקלען זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער פראָל. שטימע.

אַלע אַרטיקלען זיינען געשריבן בּאַ ספּעציעלע געלעגנהייטן. זיי זיינען אַלע פּאָלעמישע, הגם, איך האָב איצט אַלע אומנויטיקע פּאָלעמישע שטעלן, ווי ווייט מעגלאַך עלימינירט. עס פאַרשטייט זיך אַז אין אַרטיקלען וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן, אונטער פאַרשיידענע אומשטענדן, אין פאַרלויף פון פינף יאָר, זיינען איבער׳חזרונגען אומפאַרמיידלאַך.

# אינהאַלט:

## צוויי פאָרלעזונגען וועגן מאַרקסיזם.

# צוויי פאָרלעזונגען וועגן מאַרקסיזם

## I

## די סאָציאַליסטישע פילאָסאָפיע פאַר מאַרקסן

### 1

דער מאַרקסיזם האָט שוין פון גאַנץ לאַנג באַהערשט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז געוואָרן די אָנגענומענע תורה פון מיליאָנען פּראָלעטאַריער, דער עוואַנגעליום פון אַלע בײנקענדיקע נאָך אַ שענערן און בעסערן לעבן. אויב פאַר דעם קריג און פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע זײנען נאָך אין די רייען פון דעם אַלוועלטלאַכן סאָציאַליזם געווען שטאַרקע אַנטי־מאַרקסיסטישע שטרעמונגען, זײנען זיי פאַקטיש איצט אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד, בלויז קלײנינקע אומבאַדײטנדיקע הײפעלאַך זײנען פון זיי פאַרבליבן, אָן אַ ברעקל אײנפלוס אויף דער באַוועגונג.

וועגן מאַרקסיזם איז באמת געשאַפן געוואָרן אַ ריזיקע ליטעראַטור. אָבער אין דער דאָזיקער ליטעראַטור איז איין פראַגע אינגאַנצן אויסגעלאָזט געוואָרן. דאָס איז די פראַגע, ווי אַזוי דערקלערט מען זיך די גוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט פון דעם מאַרקסיזם, וואָס איז דער צויבער וואָרט מיט וועלכן עס האָט זיך אײנגעגעבן דעם טרוקענעם אַבסטראַקטן מאַרקסן צו באַצויבערן מיליאָנען פּראָלעטאַריער. פאַרגעסט ניט, דער מאַרקסיזם איז אַ טיפע און פילזײטיקע קאָמפּליצירטע פילאָסאָפיע, דער מאַרקסיזם איז אָן אָריגינעלער ענטפער אויף די פּראָבלעמען פון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע, דער מאַרקסיזם, דאָס איז דאָס טיפסטע וואָרט וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. כדי אַרויסצוברײנגען אָן אורטײל וועגן דער גערעכטיקײט אָדער אומגערעכטיקײט פון מאַרקסיזם, מוז מען זײן באַהאַוונט אין פּי־

לאָסאָפיע, און פּסיכאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע און פּאָליטישע עקאָנאָ־מיע. כדי אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן דער אמת׳דיקייט אָדער פאַלשקייט פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, מוז מען קענען און פאַרשטיין, אויב נישט אַלע, איז כאָטש די וויכטיקסטע אַנדערע אינ־טערפּרעטאַציעס פון דעם סאָציאַל־עוואָלוציאָנערן פּראָצעס, מען דאַרף קענען אַ סך געשיכטע. קיינער פון אונז וועט דאָך נישט זיין אַזוי נאַאיוו צו וועלן זיך איינשמועסן אַז די מיליאָנען פּראָ־לעטאַריער וואָס רופן זיך מאַרקסיסטן האָבן באמת אַזוי טיף און אַלזייטיק שטודירט מאַרקסן. קריטיש באַטראַכט די פּרינציפּן פון מאַרקסיזם, און געקומען צום רעזולטאַט אַז דער מאַרקסיזם איז אמת׳ער און גערעכטער לגבי אַנדערע פילאָסאָפיעס, לגבי אַנדערע אינטערפּרעטאַציעס פון סאָציאַלן לעבן און אַנטוויקלונג. פאַר־קערט, מיר אַלע ווייסן אַז די גרויסע צאָל „מאַרקסיסטן" האָבן מאַרקסן גופא קיין מאָל נישט געלייענט, נישט זיי האָבן צייט דאַרויף און נישט זיי האָבן די נויטיקע בילדונג צו קענען אַריינדרינגען אין דעם אינווייניקסטן תוך פון אָט דער סובטילער פילאָסאָפיע, און אפילו די אַזוי גערופענע פּראָלעטאַרישע אינטעליגענץ האָט מער־סטענס מאַרקסן שטודירט פון דער צווייטער האַנט, פון פּלעכאַנאָוון און קאַוטסקין, און פילע — אפילו פון דער צענטער האַנט, וועלכע האָבן אָפט דעם מאַרקסיזם מער מיסרעפּרעזענטירט, ווי רעפּרע־זענטירט. פרעגט זיך: וואָרום און ווי אַזוי איז דער מאַרקסיזם געוואָרן דער עוואַנגעליזם פון די מיליאָנען פּראָלעטאַריער, אין וואָס ליגט זיין כח?

דער מאַרקסיזם דאַרף אימער באַטראַכט ווערן פון צוויי שטאַנדפּונקטן. די באַדייטונג פון דעם מאַרקסיזם פאַר דער וויסנ־שאַפט בכלל, און די ספּעציעלע באַדייטונג פון דעם מאַרקסיזם פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די באַדייטונג פון דעם מאַרקסיזם פאַר דער וויסנשאַפט בכלל אינטערעסירט אונז היינט נישט. מיר וועלן זיך פאַרנעמען דאָ בלויז מיט אויפקלערן וואָס דער מאַרקסיזם האָט אויפגעטאָן פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

וואָס איז געווען דער סאָציאַליזם פאַרן מאַרקסיזם? געוויינ־לאָך ענטפערט מען אויף דער פראַגע אומגעפער אַזוי: פאַרן

מאַרקסיזם איז דער סאָציאַליזם געווען בלויז אַן אוטאָפּיע, אַ טרוים: מאַרקס און ענגעלס האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ וויסנשאַפט". בשעת מעשה טראַכט מען זיך ניט אַריין אַז אַט דער ענטפער (וועלכער שטאַמט אייגנטלאַך טיילווייז פון ענגעלסן) איז בלויז אַ האַלבער. וואָס איז דען אַן אוטאָפּיע, אַ טרוים? אַן אוטאָפּיע איז עפּעס וואָס איז ניט רעאַל, עפּעס צו וואָס מען שטרעבט, נאָך וואָס מען בייִנקט. איז דער שטרעבן און בייִנקען שטאַרק גענוג, קען די אוטאָפּיע ווערן אַ קאַמפּס־פּונקט, קענען מענטשן פאַר דער אוטאָפּיע קעמפן, ליידן, זיך מקריב זיין אַלץ כדי פון דער אוטאָפּיע צו מאַכן אַ ווירקלאַכקייט. איז אַן אוטאָפּיע עפּעס וואָס קען ניט פאַרווירקלאַכט ווערן? פאַרשטייט זיך אַז ניט! אַן אוטאָפּיע איז בלויז עפּעס וואָס איז נאָך ניט פאַרווירקלאַכט, עפּעס וואָס איטיצער וויל פאַרווירקלאַכן. „מיר האָבן אַוועקגעשטעלט די אוטאָפּיע אין קעגנזאַץ צו דער וועלט", זאָגט מר. לואיס מאַמפאָרד אין זיין בוך „די סטאָרי אָוו יוטאָפּיאַס". באמת אָבער זיינען דאָס אונזערע אוטאָפּיעס וואָס מאַכן דעם לעבן דערטרעגלאַך. די שטעט און פּאַלאַצן וועגן וועלכע מענטשן טרוימען זיינען די אין וועלכע זיי לעבן סוף כל סוף". מענטשן האָבן אימער געטרוימט פון אַ בעסערער און שענערער וועלט, האָבן אַלע מאָל געבייִנקט נאָך דעם אידעאַלן לעבן. אַלץ וואָס מיר האָבן היינט, אַלץ מיט וואָס דער מאָדערנער מענטש שטאָלצירט היינט, אַלץ מיט וואָס אונזער ציוויליזאַציע צייכנט זיך אויס, אַלץ איז פריער געווען אַן אוטאָפּיע, אין דעם קאָפּ פון אַ יחיד אָדער יחידים. די געשיכטע פון דערפינדונגען וויים צו דערציילן פון טויזנטער אַזעלכע אוטאָפּיעס, אין וועלכע בלויז קליינע מינדערהייטן, און אָפט אפילו בלויז געציילטע יחידים האָבן געגלויבט, און פון וועלכע דער ברייטער עולם האָט געלאַכט און דערקלערט פאַר אַן אוטאָפּיע, פאַר אַן אומעגלאַכע זאַך.

אין דער אַנטי־סאָציאַליסטישער ליטעראַטור ווערט דער סאָציאַליזם עד היום באַצייכנט מיט דעם נאָמען אוטאָפּיע. עס זיינען דאָ סאָציאַליסטן וואָס האַלטן דאָס פאַר אַ באַליידיקונג. איך מוז מיר מודה זיין אַז מיר אַרט דאָס ניט. געוויס איז דער סאָציאַליזם

אַן אויטאָפּיע, געווים וועט ער דאָס זיין אַזוי לאַנג ביז מיר וועלן פון דער אויטאָפּיע מאַכן אַ ווירקלאַכקייט. און איז דען מאַרקס אין דעם זין ניט געווען קיין אויטאָפּיסט? באַטראַכט נאָר, מאַרקס דער גרויסער וויסנשאַפטסמאַן, דער געניאַלער דיינקער, וועלכער האָט געקענט האָבן געלט און כבוד, זאָגט זיך אָפּ פון דאָס אַלעס, לעבט אין אָרימקייט און דחקות, אַ פאַרשטויסענער, אַ פאַראַכטע־טער, גיט אוועק זיין גאַנץ לעבן. פאַר וואָס? כדי צו איבערצייגן די וועלט אַז עס מוז קומען אַ שענערער, אַ בעסערער לעבן, אַ גליק־לאַכערע צוקונפט. פאַרגעסט ניט, מאַרקס'ס טרוים וועגן דער בעסערער געזעלשאַפט, זיין אָפּפערווויליקייט איז דאָך ניט געקומען אַלס רעזולטאַט פון זיינע טעאָריען. מאַרקס איז דאָך געווען פיל פריער „אַ סאָציאַליסט“, איידער ער איז געוואָרן „אַ מאַרקסיסט“. פאַרקערט, מען קען גיכער זאָגן, אַז זיינע טעאָריעס זיינען דער רעזולטאַט פון זיין סאָציאַליזם, ווי פאַרקערט. לייענט איר מאַרקס' ביאָגראַפיע, זעט איר פאַר זיך אַ טרוימער, אַן אויטאָפּיסט, אַ מענטש אין וועמעס האַרצן די ביינקשאַפט נאָך אַ שענערן און בע־סערן לעבן האָט זיך צעפלאַקערט אין אַ העלישן פייער, אַ מענטש וואָס איז גרייט מקריב זיין זיך און זיינע ליבסטע פאַר זיין אוי־טאָפּיע, אַ מענטש אַ גלויביקער, כמעט אַ רעליגיעזער, וועלכער גלויבט אין דער פאַרווירקלאַכונג פון זיין אויטאָפּיע מיט ניט ווייניקער ברען, אייפער און פאַנאַטיזם, ווי עס האָט געגלויבט דער אידישער מאַרטירער אין דער רעאַליטעט פון גאָט, ווען ער איז געשטאָרבן מיט דעם „שמע ישראל“ אויף זיינע ליפּן. איך ווייס, אין דער פאַנטאַזיע פון די מיליאָנען מאַרקסיסטן האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ בילד פון מאַרקסן דעם מענטשן אַ גאַנץ אַנדערע ווי איך האָב נאָר וואָס געפּרוּאווט אים שילדערן. דער אָנגענומענער בילד איז פון מאַרקסן דעם טרוקענעם, שטריינגן וויסנשאַפטס־מאַן, פריי פון חלומות, פריי פון אויטאָפּיעס, פריי פון סענטימענטן, דער לאַבאָראַטאָריע מענטש, וואָס וועגט און מעסט און עקס־פּערימענטירט און זוכט דעם אמת בלויז לשם אמת, אָביעקטיוו, אומפּאַרטייאיש, אומפּערזענלאַך. אָבער די בילד איז אַ פאַלשע. איך בין בכלל אין ספק אויב עס איז דאָ אַ וויסנשאַפטס־מאַן,

וועלכער איז אַזוי אָביעקטיוו, אַזוי אומפּערזענלאַך, אַז זיינע איי־גענע טרוימען און עמאָציעס, זיין אייגענער לעבן און טעמפּעראַמענט און סביבה זאָלן ניט אָפּגעשטעמפּלט ווערן אויף זיין אַרבעט. די אָביעקטיוויטעט פון דער וויסנשאַפט איז אַ רעלאַטיווע זאַך. די וויסנשאַפט איז אָביעקטיוו אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל אַ לעבעדיקער, דיינקענדיקער און פילנדיקער מענטש קען זיין אָב־יעקטיוו. מאַרקס איז אין דעם נאַטירלאַך ניט קיין אויסנאַם.

מאַרקס׳ ביאָגראַפיע דערציילט אונז ניט נאָר וועגן מאַרקסן דעם וויסנשאַפטסמאַן, נאָר אויך וועגן מאַרקסן דעם קעמפער. און אַ קעמפער איז ער געווען אַ הייסער, אַ ליידנשאַפטלאַכער, אפשר אין מאַנכע פאַלן שוין צו הייס, צו ליידנשאַפטלאַך (ווי צ. ב. ש. אין זיין קאַמף קעגן באַקונינען), און אפילו אין זיינע ריין־וויסנשאַפטלאַכע אַרבעטן קען דער סימפּאַטישער לעזער זען אויף יעדן בלעטל ניט בלויז די פערזענלאַכקייט פון דעם שרייבער, נאָר אויך פילן דעם הויך פון זיין הייסן קאָכיקן טעמפּעראַמענט.

אויב אַן אוטאָפּיסט איז דער, וואָס שאַפט זיך חלומות, וואָס בויט צוקונפט־פאַנטאַזיעס, וועלכע ער וויל פאַרווירקלאַכן, איז מאַרקס פונקט אַזאַ אוטאָפּיסט, ווי זיינע פאָרגענגער, ווייל אויך ער האָט זיינע חלומות פון אַ שענערער, גליקלאַכער צוקונפט, אין וועלכע ער האָט געגלויבט און פאַר וועלכע ער האָט זיין גאַנץ לעבן געקעמפט.

אין וואָס־זשע אונטערשיידט זיך מאַרקס פון זיינע פאָרגענגער, פון די אוטאָפּיסטן? ניט דערמיט וואָס ער איז קיין טרוימער ניט געווען, נאָר דערמיט וואָס ער האָט געזוכט זיינע טרוימען וויסנ־שאַפטלאַך צו ב אַ ר ע כ ט י ק ן , געפינען פאַר זיי אַ וויסנ־שאַפטלאַכן יסוד, באַהעפטן זיי מיט דער ווירקלאַכקייט.

2

יעדע אוטאָפּיע, ווי פאַנטאַסטיש זי זאָל ניט זיין, האָט אירע וואָרצלען אין דער ווירקלאַכקייט. אוטאָפּיעס אַנטשטייען ניט גלאַט אַזוי זיך, ווייל עמיצן איז פּלוצלינג איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו איבערבויען דאָס לעבן אויף אַנדערע יסודות. אוטאָפּיעס דינען

אַלע מאָל אַלס ענטפער אויף באַשטימטע געזעלשאַפטלאַכע נויטן. דאָס איז די פראַגע צו געפינען אַן אויסוועג פון אַן אוממעגלאַכער לאַגע. אויף יעדער אוטאָפּיע, פון פּלאַטאָן ביז מאַרקסן, קען מען לייכט זען דעם שטעמפּל פון דער צייט און פון די אומשטענדן, אין וועלכער זי איז אַנטשטאַנען. אָבער, הגם יעדע אוטאָפּיע איז ארויסגערופן געוואָרן פון דער ווירקלאַכקייט, האָט אָבער ניט יעדע פון זיי געפונען אין דער ווירקלאַכקייט די מיטלען פאַר פאַרווירקלאַכונג. כדי אַן אוטאָפּיע זאָל אויפהערן זיין אַן אוטאָפּיע, מוז זיך אין דער געזעלשאַפט געפינען אַ קלאַס, וועלכער זאָל די אוטאָפּיע אויפנעמען אַלס זיינע, קעמפן פאַר איר, און איר פאַר־ווירקלאַכן. דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם האָט אַזאַ קלאַס ניט געפונען. ווען מיר ריידן וועגן דעם, אַז די אוטאָפּיסטן זיינען ניט געשטאַנען אויפן קלאַסן־שטאַנדפּונקט, האָבן זייערע אוטאָ־פּיעס געשטעלט העכער פון אַלע קלאַסן, האָבן זיך מיט זייער רוף געווענדט צו אַלע קלאַסן, דאַרף דאָס ניט זיין קיין פאַרוואורף. דאָס איז ניט דערפאַר, ווייל זיי זיינען גראַד ניט געווען אַזעלכע גאונים, ווי מאַרקס און ענגעלס. דאָס מיינט בלויז, אַז אין זייער צייט איז נאָך אַזאַ קלאַס ניט געווען. די בורזשואַזיע, וועלכע איז אַמאָל געווען רעוואָלוציאָנער, האָט שוין אין יענער צייט (18טן יאָרהונדערט) איר קאַמף אויסגעקעמפט, איר רעוואָלוציאָנערע ראָל אָפּגעשפּילט, זי איז שוין געוואָרן קאָנסערוואַטיוו, און יעדער רע־וואָלוציאָנערער געדאַנק איז שוין פאַר איר געווען ניט צוגענגלאַך. דער פּראָלעטאַריאַט פון דער צווייטער זייט איז נאָך געווען אין זיין קינדהייט, ער האָט נאָך זיך אַליין ניט דערקענט, פון זיין אייגענער עקזיסטענץ ניט געוואוסט, איז געווען שוואַך, אומאָר־גאַניזירט, אומגעבילדעט, אַן אַ וועלכן עס איז איינפלוס אין לעבן. מאַרקס און ענגעלס, ריידנדיק וועגן די אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטן, זאָגן: „מאַכנדיק זייערע פּלענער זיינען זיי זיך באַוואוסט געווען אַז זיי אַרט איבערהויפּט פאַרן אַרבעטער־קלאַס, וועלכער איז דער קלאַס, וואָס ליידט אַממערסטנס. בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם אַממערסטנס־ליידנדן קלאַס עקזיסטירט פאַר זיי דער פּראָלעטאַריאַט" (קאָמ. מאַניפעסט, ענגליש, ז. 51). בויען אָבער

זייערע האָפנונגען, אַז אָט־דער אָרימער, אונטערדריקטער, קולטורלאָזער קלאַס זאָל ווערן דער פאַרווירקלעכער פון זייערע טרוימען, דאָס איז, לויט די אומשטענדן, פשוט געווען אוממעגלעך פאַר זיי. וואָלטן מאַרקס און ענגעלס געלעבט אין יענער צייט, וואָלטן זיי מיט זייער גאַנצער געניאַליטעט, וואַרשיינלעך, געווען די זעלבע אוטאָפּיסטן.

היסטאָריש קומט דער סאָציאַליזם פריער פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג. פוריע, קאַבע, סען סימאָן און זייערע חברים און נאָכפאָלגער, זיינען געקומען מיט זייער סאָציאַליסטישער תורה, פריער איידער עס איז נאָך אַנטשטאַנען אַן אַרבעטער באַוועגונג אין פראַנקרייך, אַף וועלכער זיי זאָלן זיך קענען שטיצן, און צו וועמען זיי זאָלן זיך קענען ווענדן. אפילו ראָבערט אָוען, וואָס האָט געהאַט דעם פאַרצוג איבער זיינע פראַנצויזישע חברים וואָס אים איז אויסגעקומען צו לעבן און ווירקן אין ענגלאַנד, אין דעם לאַנד וואו דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אַנטוויקלט פריער ווי אומעטום, און די רעזולטאַטן פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע זיינען בולטער ווי אומעטום אַרויסגעטראָטן; אפילו ער, האָט פאַר זיך ניט געטראָפן אין ענגלאַנד קיין אַרבעטער באַוועגונג, צו וועמען ער זאָל זיך מיט זיין נייער תורה ווענדן. אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פאַרנעמען דערפאַר די אוטאָפּיסטן פון דעם אָנהויב פון 19טן י. ה. אַ גאַנץ קליינעם פּלאַץ. זייער פּראַקטישע באַדייטונג איז גאָר ניט. קיינעם פון זיי האָט זיך ניט איינגעגעבן אַרויסצורופן אַ מאַסן באַוועגונג פאַר דער רעאַליזירונג פון זייערע אידייען. די געשיכטע פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם איז אַ געשיכטע פון קליינע אומבאַדייטנדיקע סעקטן. געוויס, דאָס זיינען געווען שיינע נאָבעלע מענטשן, איידעלע נשמות, וואָס זיינען געווען זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט, אָבער ליידער קענען געזעלשאַפטן ניט איבערגעבויט ווערן מיטן בלויזן גוטן ווילן, עס פאָדערט זיך דערצו נאָך עפּעס ; אַ קלאַס פון מענטשן וואָס זאָלן מוזן וועלן די אַרבעט אונטערנעמונגען, און רעאַלע, מאַטעריעלע באַדינגונגען וואָס זאָלן פון איין זייט דעם מענטשלאַכן ווילן באַ־

ווירקן איז דער געווינשטער ריכטונג און פון דער צווייטער זייט מעגלאַך מאַכן דעם דערפאָלג פון זייער אַרבעט. אָרימע און אונטערדריקטע זיינען אַלע מאָל געווען, און דער שטרעבן אָפּצושאַפן אָרימקייט און עקספּלואַטאַציע איז אויך געווען אָבער די אָביעקטיווע באַדינגונגען פאַר אָט דער גרויסער רעפאָרמע זיינען ניט געווען, און פאָלגלאַך זיינען אויך קיין קעמפער דערפאַר ניט געווען, ווייל „מענטשן שטעלן זיך אַלע מאָל אַזעלכע אויפגאַבן וועלכע זיי קענען דורכפירן". ווען פּלאַטאָן צ. ב. ש. האָט ניט געפונען פאַר מעגלאַך איינצופירן אַבסאָליוטע עקאָנאָמישע גלייכקייט אין זיין רעפּובליק, איז דאָס ניט דערפאַר ווייל ער איז געווען רעאַקציאָנער, אָדער צו אַריסטאָקראַטיש, נאָר דערפאַר ווייל די פּראָדוקציאָנס באַדינגונגען פון פּלאַטאָנס צייט האָבן דאָס בשום אופן ניט דערלויבט. אַריסטאָטעלס מיינונג אַז שקלאַפעריי איז אַ נאַטור געזעץ, דאַרף אויך גיכער דערקלערט ווערן אַלס רעזולטאַט פון די פּראָדוקציאָנס באַדינגונגען פון זיין צייט. אין אַריסטאָטעלס צייט האָט מען זיך טאַקע אָן שקלאַפן ניט געקענט באַגיין. זיי זיינען געווען די גאַראַנטיע פאַר ווייטערן פּראָגרעס. אָן דער שקלאַפעריי וואָלט גריכנלאַנד זיך קיין מאָל ניט געקענט דערהויבן צו דער גייסטיקער מדרגה צו וועלכער זי האָט זיך דערהויבן. די שקלאַפן האָבן געשאַפן אַ מעגלאַכקייט אַז אין גריכלאַנד זאָל זיך אַנטוויקלען אַ קלאַס אַריסטאָקראַטן וואָס זאָלן שאַפן אַ נאָכפראַגע אַף קונסט פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט. אַ נאָכפראַגע שאַפט אַן אָנבאָט. דער רעזולטאַט — די גריכישע קולטור. די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע וואָס האָט רואינירט די קליינע פּראָדוצירער, צעשטערט דעם דאָרף, אָפּגעריסן טויזנטער מענטשן פון דער ערד. צעשטערט דעם אָרימען, אָבער שטיל־ראָמאַנטישן פּאַטריאַרכאַלן לעבן פון מיטל אַלטער, געשאַפן מיליאָנען לוין־שקלאַפן, פאַראורזאַכט אָן אַ שיעור ליידן און צרות, האָט נאַטירלאַך געמוזט אַרויסרופן אַ רעאַקציע. די בעסערע מענטשן פון יענער צייט האָבן ג ע מ ו ז ט אָנהויבן זוכן עפּעס אַ רפואה קעגן די „גליקן" וואָס די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע האָט געבראַכט, די רפואה — דאָס איז געווען די סאָציאַליסטישע אוטאָפּיע. ווער איז נאָך אַזוי פאַראינטערעסירט

געווען אין דער אָפּשאַפונג פון אָרימקייט און עקספּלואַטאַציע ווי די אָרימע און עקספּלואַטירטע גופא? פונדעסטוועגן האָבן די אוטאָפּיסטן ניט געפונען קיין אנהענגער צווישן די ארבעטנדיקע מאַסן. פאַרוואָס? פשוט דערפאַר ווייל די אָביעקטיווע באַדינ־גונגען פון זייער צייט האָבן אַן אָרגאַניזירטע ארבעטער באַוועגונג נאָך דערווייל אונמעגלאַך געמאַכט.

די באַדייטונג פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם ליגט בכן ניט אין זיין פּראַקטישן אופטו, נאָר אין זיין טעאָרעטישן. אויך דאָ מוזן מיר גלייך באַמערקן די וויכטיקייט פון די טעאָריעס פון די אוטאָפּיסטן. די אוטאָפּיסטן באַשטייט ניט אין זייער אייגנט־לאַכן בייטראַג צו דער סאָציאַליסטישער טעאָריע פון אונזער צייט. די אַנערקענטע און פון אַלעמען אָנגענומענע סאָציאַליסטישע פי־לאָסאָפיע פון אונזער צייט איז דער מאַרקסיזם. די עלעמענטן פון די אוטאָפּיסטישע טעאָריעס אין מאַרקסיזם זיינען אָבער אַזוי אומבאַדייטנדיק, אַז ווען זיי לוינט זיך כמעט ניט ריידן. די בורזשואַזע דענקער, העגעל, פייערבאַך, אין דייטשלאַנד, די פראַנ־צויזישע מאַטעריאַליסטן פון 18טן י. ה. — די פראַנצויזישע היסטאָריקער פון דער צייט פון דער רעסטאַווראַציע, די קלאַסישע עקאָנאָמיסטן, — זיי אַלע האָבן מער בייגעטראָגן צום מאַרקסיזם, ווי די אוטאָפּיסטן. די גרויסע באַדייטונג פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן דעם סאָציאַליזם אוועק־געשטעלט אַפן טאָג אָרדנונג פון דער סאָציאַל־פילאָסאָפיע פון זייער צייט, און האָבן צום ערשטן מאָל אונטערוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם אונטער אַ שטרייַנגער אַלזייטיקער קריטיק, האָבן אויפגעדעקט אַלע זיינע וואונדן. די אוטאָפּיסטן האָבן באַוויזן די נויטיקייט פון סאָציאַליזם — דער מאַרקסיזם האָט געוויזן דעם וועג צו אים. אין דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט ריידן מאַרקס און ענגעלס מיט גרויס דרך ארץ וועגן די אוטאָפּיסטן און אַנערקענען זייער גרויסע און וויכטיקע ארבעט אַלס קריטיקער פון קאַפּיטאַליזם. זיי האָבן אָפּגערייניקט דעם וועג פאַרן וויסנשאַפטלאַכן סאָציאַליזם. זיי זיינען די יוחנן המטבילס פון דעם מאַרקסיזם.

## 3

די סאָציאַל פילאָזאָפיע פון די אוטאָפיסטן קען פאָרמולירט ווערן אזוי :

אין דער פילאָזאָפיע זיינען זיי געווען מאַטעריאַליסטן
אין דער סאָציאָלאָגיע וואָלונטאַריסטן און ראַציאָנאַליסטן
אין זייער טאַקטיק — פילאַנטראָפן.

צווישן אַלע אוטאָפיסטן האָט זיך ניט געפונען אפילו איינער, וואָס זאָל האָבן אַ זעלבסטשטענדיקן אינטערעס אין דער פילאָסאָפיע אלס אַ זאַך פאַר זיך. דערקענטניס טעאָרעטישע פּראָבלעמען האָט זיי ניט אינטערעסירט. אפילו דער טיפסטער און אָריגינעלסטער צווישן זיי, סען סימאָן האָט אָנגענומען די פילאָסאָפיע פון זיין צייט קריטיקלאָז. די הערשנדיקע פילאָסאָפיע איז דאַן געווען דער פראַנצויזישער מאַטעריאַליזם. האָלבאַך, העלוועציוס, די ענציקלאָפעדיסטן בכלל, האָבן באַהערשט ניט בלויז די מחות נאָר אויך די הערצער פון אַלע פאָרטגעשריטענע מענטשן פון יענער צייט. די פילאָסאָפיע איז בכלל, ניט ווי עס איז אָנגענומען בלויז אַן ענין פון מוח. פיל מער איז דאָס אַן ענין פון הארץ און געפיל. אויב די גרויסע אָריגינעלע דיינקער האָבן באַנוצט מער קאָפ ווי הארץ אין דעם שאַפן פון זייערע פילאָסאָפישע סיסטעמען, ווערן אָבער פילאָסאָפישע איבערצייגונגען מערסטנס אויסגעאַרבעט ביים פילאָסאָף, און אָנגענומען בא זיינע תלמידים, ניט לאָגיש, נאָר עמאָציאָנעל, ניט צוליב זייערע ריין אָביעקטיווע אמת'ן, נאָר גיכער צוליב זייערע ריין סוביעקטיווע מעלות. עס איז ניט אמת, אַז דער מענטש נעמט אָן אַ פילאָסאָפיע צוליב אירע אמת'ן, פילאָסאָפישע אמת'ן ווערן אָנגענומען בלויז דאַן, ווען זיי פּאַסן זיך צו דעם כאַראַקטער, טעמפעראַמענט און לעבנס נויטן פון דעם מענטשן. אַ מענטש מיט אַ הייסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט קען בשום אופן ניט זען דעם אמת פון אַ מיסטיש־ספּעקולאַטיווער פילאָסאָפיע, פּונקט ווי דער שטילער רואיקער פלעגמאַטישער מענטש, קען פשוט ניט פאַרטראָגן דער רעוואָלוציאָנערער קאָכיקער פילאָסאָפיע פון לעבן. אַ באַקונין צ. ב. ש. האָט לויט זיין גאַנצן

גייסטיקן מהות ניט געקענט אננעמען קיין פילאסאפיע פון פאסי־וויטעט, פונקט ווי א שאפענהויער האט ניט געקענט געפינען קיין אמת אין א פילאסאפיע פון אקטיוויטעט.

דער פראנצויזישער מאטעריאליזם פון 18טן י. ה. וואס איז געווארן דער יסוד פון אלע סאציאליסטיש אוטאפיסטישע טעאריעס, איז ניט בלויז געווען אן ענטפער אף די דערקענטניש־טעארעטישע פראבלעמען פון יענער צייט. ער איז ניט געווען קיין „קאבינעט פילאסאפיע“ פאר אויסדערוויילטע. זיין גרויסקייט איז פיל מער באשטאנען אין זיין קאמפס־כאראקטער. דאס איז געווען די פילא־סאפיע פון רעוואלוציע; א געדאנקען שטראם וועלכער האט אמאל באוואוסטזיניק און נאך אפטער אומבאוואוסטזיניק אונטערגע־גראבן דעם יסוד פון דער דעמאלסטדיקער געזעלשאפטלאכער ארד־נונג. „עס טרעפט זייער זעלטן אז גרויסע דיינקער זאלן אזוי זיין אפגעפרעמדט פון זייער צייט, ווי די פילאסאן און וויסנשאפטסלייט פון 18טן י. ה. זיי האבן אנגעהויבן אן אטאקע אף דער אלטער סיסטעם וואס האט צו זיך קיין גלייכן ניט אין העזה, אינטענסי־וויטעט און קאמפראמיסלאזן ראדיקאליזם“ זאגט וועגן זיי א באקאנטער היסטאריקער *) די עקאנאמישע סיסטעם, דער שטאט, די קירכע, די דערציאונג, די קונסט — קיין זאך האבן זיי ניט דורכגעלאזט, אויף אלץ האבן זיי ארויפגעלייגט זייער רעוואלוציא־נערן שטעמפל. דאס איז באמת געווען אן אלגעמיינע איבערשאצונג פון אלע ווערטן. אין נאמען פון מאטעריאליזם זיינען זיי ארויס־געטראטן אין קאמף קעגן אלץ, וואס איז געווען פארפוילט און אפגעלעבט אין דעם געזעלשאפטלאכן לעבן, קעגן אלץ, וואס האט געשטערט דעם פרייען גאנג פון דער געזעלשאפטלאכער אנטוויק־לונג. ניט בלויז נעגאטיוו האבן זיי געווירקט. די „נייע“ פילא־סאפיע האט אויך געהאט א פאזיטיווע זייט. זי האט געוועקט די חלומות און האפנונגען אף א בעסערער און שענערער צוקונפט. אויב ניט אלע האבן אפן אף זייער פאן אנגעשריבן „פרייהייט,

*) J. S. Schapiro—Modern and Contemporary European History, p. 7.

גלייכהייט און ברידערלאַכקייט" האָט מען דאָס אָבער באַ אַלעמען געקענט לייענען צווישן די שורות. זיי זיינען געווען די פאָרלויפער, אָנזאָגער און גייסטיקע צוגרייטער פון דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע, וואָס האָט געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו אַלע אומגליקן און אָפּשאַפן אַלע געזעלשאַפטלאַכע איבלען.

דער מאַטעריאַליזם האָט באַטראַכט דעם מענטשן אַלס אויס־שליסלאַך אַ פּראָדוקט פון דער סביבה; פון דער נאַטור און געזעל־שאַפט. זיי זיינען געווען אויסגעהאַלטענע סענסואַליסטן. אַלע פסיכישע פונקציעס פונם מענטשן האָבן זיי באַטראַכט אַלס פאַר־ענדערונגען פון שפּירונגען. אַלע פאָרשטעלונגען, אידייען און געפילן פון מענטשן זיינען דער רעזולטאַט פון דער סביבה. יעדער דערשיינונג מוז האָבן איר אורזאַכע, "אָבער אין דער נאַטור קענען זיין בלויז נאַטירלאַכע אורזאַכן און רעזולטאַטן. דער מענטש איז דעריין קיין אויסנאַם ניט. „דער מענטש איז דער נאַטורס שאַפונג, ער געפינט זיך אין דער נאַטור; ער איז אונטערוואָרפן אירע געז־זעצן; ער קען זיך פון איר ניט באַפרייען, ער קען, אפילו אין געדאַנק ניט אַריבערשפּרייזן אירע גרעניצן. די באַשעפענישן וואָס שטייען כלומרשט העכער פון דער נאַטור, אָדער זיינען אַנדערש פון איר, זיינען בלויז פשוט כימעראָס, וועגן וועלכע מיר קענען ניט האָבן קיין רעאַלן באַגריף".

„דער מענטש איז אַ ריין פיזישע באַשעפעניש. דער גייסטיקער מענטש איז בלויז דער פיזישער מענטש געזען פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט"... דערקלערט העלוועציוס. „דער מענטש איז אויס־שליסלאַך וואָס די סביבה מאַכט פון אים", דערקלערט האָלבאַך.

מאַרקס האָט זייער גוט געזען דעם נויטווענדיקן שיכות צווישן מאַטעריאַליזם פון 18טן י. ה. און דעם סאָציאַליזם. אויך די אוטאָפּיסטן האָבן פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן שיכות. זיי האָבן טאַקע דערפאַר אָנגענומען דעם דאַמאָלסט הערשנדיקן מאַטעריאַליזם אַלס יסוד פאַר זייערע סאָציאַלע טעאָריעס.

פוריעס טעאָריע פון עמאַציעס, אָוענס טעאָריע פון דער אויסבילדונג פון כאַראַקטער, אפילו סען סימאָנס בליק אַף מענטש

און געזעלשאַפט, זיינען אַפט געווען פּשוט'ע איבער'חזר'ונגען פון די מיינונגען פון די דאַמאַלסטדיקע מאַטעריאַליסטן.

וואָס איינער זאָל ניט דיינקען וועגן מאַטעריאַליזם בכלל, איין זאַך מוז מען צוגעבן : דער מאַטעריאַליסט איז ווייניקער מסוגל צו פאַרפירט ווערן פון געדאַנקען־שאַטנס ווי דער אידעאַליסט, ער קען זיך ניט אָפּרייסן פון דער ווירקלאַבקייט, ניט פאַרמאַכן די אויגן אַף קיין זייט פון לעבן, צו עס געפעלט אים אָדער ניט. די גרויסע דערפינדער, די געניאַלע מחות וואָס האָבן געמאַכט אַלע גרויסע אַנטדעקונגען אין דער וויסנשאַפט, וואָס האָבן מיט זייערע דערפינדונגען מעגלאַך געמאַכט דעם גוואַלדיקן טעכנישן און אינדוסטריעלן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט, זיי אַלע זיינען געווען מאַטעריאַליסטן, אפילו דאַן ווען זיי האָבן דאָס באַוואוסט־זיניק געלייקנט. דער מאַטעריאַליזם איז פריער פון אַלץ אַ מע־טאָדע, און די מאַטעריאַליסטישע מעטאָדע איז דער יסוד פון יעדער וויסנשאַפטלאַכער פאָרשונג און אַנטדעקונג. אַ דאַנק זייער אַל־געמיין מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, זיינען די אוטאָפּיסטן אָן ספק געשטאַנען פיל העכער, אַף אַ מער וויסנשאַפטלאַכן יסוד, אין זייער בליק אַף וועלט און מענטש, ווי זייערע בורזשואזע צייט גענאָסן. דער חסרון זייערער איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס פאַרשטייענדיק ווי אַזוי אָנצווענדן דעם מאַטעריאַליזם אַפן יחיד און געזעלשאַפט אין זייער ז י י ן , האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי דאָס זעלבע צו טאָן אַף זייער ו ו ע ר ן . דערקלערן פון דעם מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט די געזעלשאַפטלאַכע עוואָ־לוציע — דאָס האָבן זיי, פונקט ווי די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן גופא, ניט געקענט.

עס איז דאָך קלאָר, אַז אויב דער מענטש, מיט זיינע מיינונגען, איבערצייגונגען און געפילן איז דער רעזולטאַט פון דער סביבה, מוז זיך יעדער רעפאָרמע פון מענטשן, אַזוי גוט ווי פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט, אָנהויבן מיט דער רעפאָרמירונג פון דער סביבה. די סאָציאַליסטן אוטאָפּיסטן האָבן טאַקע אַלע מאָל געענטפערט זייערע קעגנער, וואָס פלעגן טענה'ען, אַז עס איז ניט מעגלאַך קיין אַנדער געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג ווי דאָס וואָס מיר

האָבן, ווייל זי איז אין הסכם מיט דער מענטשלאַכער נאַטור, — „דער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון דער סביבה, ענדערט די סביבה — און עס וועט זיך ענדערן דער מענטש". ווי אַזוי אָבער קען מען ענדערן די סביבה?

וואָס, איינגטלאַך, דאַרף מען פאַרשטיין אונטערן טערמין סביבה? פריער פון אַלץ די מענטשלאַכע געזעלשאַפט. געוויס איז דער מענטש אונטערוואָרפן אונטער אַלע נאַטור געזעצן, פונדעסטוועגן איז דאָך קלאָר, אַז זיין כאַראַקטער, זיינע מיינונגען, אידייען און אידעאַלן, זיינען דער רעזולטאַט פריער פון אַלץ פון דער געזעל־שאַפטלאַכער סביבה, אין וועלכער ער איז געבוירן און אויפגעצ־האָדעוועט געוואָרן. די פאַמיליע, די גאַס, די שול, די הערשנדיקע מיינונגען איבער אַלע פּראָבלעמען פון לעבן — דאָס אַלץ נעמט דער מענטש איבער פּאַרטיקערהייט, מערסטנס אומבאַוואוסטזיניק, און נאַטירלאַך, קריטיקלאָז. אַז עס דאַרפן זיין אָרימע און רייכע, באַלעבאַטים און אַרבעטער, אַז די וועלט איז אַלע מאָל אַזוי געוועזן, און וועט אַלע מאָל אַזוי זיין, אַז אַ מענטש דאַרף זאָרגן וועגן זיך און ניט וועגן אַנדערע — דאָס זיינען דאָך מיינונגען וואָס מערסטע מענטשן זויגן איין אין זיך אומבאַוואוסטזיניק.

ראָבערט אוען, צ. ב. ש. דערקלערט אַז די אויפגאַבע פון זיין גאַנצן לעבן איז געווען צו קעמפן קעגן דער פאַלשער מיינונג, אַז מענטשן קענען זיך מאַכן גוט אָדער שלעכט, און זיינען דעריבער פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר די גוטע אָדער שלעכטע אייגנשאַפטן פון זייערע כאַראַקטערן. לויט זיין מיינונג קומט פון אָט דעם טעות אַרויס אַלע אומגליקן. די מענטשלאַכע נאַטור, דיינקט אָוען, איז פּאַסיוו, זי ווערט באַאיינפלוסט פון אויסערלאַכע אומשטאַנדן. דער כאַראַקטער פון יעדן מענטשן איז דער פּראָדוקט פון דער נאַטור און דער געזעלשאַפט. די נאַטור איז גוט, די געזעלשאַפט אָבער, וואָס שפּילט די גרעסערע ראָליע אין דער אויסאַרבעטונג פון דעם מענטשלאַכן כאַראַקטער איז שלעכט. אַלץ וואָס איז שלעכט געפינט זיך אין די אינסטיטוציעס און ניט אין דעם מענטשן.

ענדערט די געזעלשאַפטלאַכע אינסטיטוציעס און דער מענטש וועט זיך שוין במילא ענדערן. ווי אַזוי אָבער קען מען פאַרענדערן די געזעלשאַפטלאַכע סביבה?

דער איינציקער וואָס קען ענדערן די געזעלשאַפטלאַכע סביבה איז דער מענטש, דערקלערן די אוטאָפּיסטן. די געזעלשאַפט איז שלעכט ווייל מענטשן האָבן ניט געוואוסט ביז איצט ווי אַזוי איר איבערצובויען אַף אַ מער ראַציאָנאַלערן אופן. דער אומגליק איז, וואָס די מענטשלאַכע מיינונגען וועגן דער געזעלשאַפט און אירע אינסטיטוציעס זיינען אין גרונט פאַלש. ביז איצט האָט זיך נאָך דערווייל קיינעם ניט איינגעגעבן „אויסצוטראַכטן" אַ פּלאַן פון אַזאַ מין געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג וואָס זאָל זיין פּאָלקאָם, וואָס זאָל מעגלאַך מאַכן אַז אַלע מענטשן זאָלן לעבן פריי און גליקלאַך. איצט אָבער, ווען דעם אָדער יענעם אוטאָפּיסט האָט זיך יע איינגעגעבן אַזאַ פּלאַן צו אויסטראַכטן, איז ענדלאַך געקומען די צייט ווען מ'קען די געזעלשאַפט איבערבויען. וואָס עס איז נויטיק איז בלויז א י ב ע ר צ י י ג ן די מענטשן ווי שלעכט און איראַציאָנאַל די געזעלשאַפט איז איצט, און ווי גוט און פיין עס וועט זיין, ווען די געזעלשאַפט וועט איבערגעבויט ווערן לויט דעם פּלאַן וואָס דער אוטאָפּיסט שלאָגט פאָר. אַז איבערבויען די געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג איז בלויז אַ פראַגע פון מענטשלאַכן ווילן, אַז דער מענטשלאַכער ווילן קען באַאיינפלוסט ווערן אַף אַ ריין לאָגישן וועג — דעריין זיינען אַלע אוטאָפּיסטן געווען מסכים. פון דער איצטיקער געזעלשאַפט ליידן אַלע. גוט איז באמת קיינעם ניט. וואָלטן מענטשן געווען פריער זיך דערטראַכטן ווי אַזוי אָפּשאַפן די אַלע געזעלשאַפטלאַכע איבלען, וואָלטן זיי דאָס שוין לאַנג געטאָן. זיי האָבן אָבער ניט געוואוסט ווי אַזוי. דאָס וואָס גראַד איצט האָט זיך איין באַשטימטן יחיד איינגעגעבן אויסצוטראַכטן אַזאַ גוטן פּלאַן פון געזעלשאַפטלאַכער רעאָרגאַניזאַציע איז פּשוט אַ גליקלאַכער צופאַל. וואָלט אַזאַ פּלאַן געווען אויסגעטראַכט געוואָרן מיט עטלאַכע הונדערט יאָר פריער, וואָלט מען געקענט אַ סך מענטשלאַכע ליידן אויסמיידן. ליידער אָבער איז קיינער אַף דעם פּלאַן ניט געפאַלן. איצט אָבער איז אַ סוף צו אַלע צרות.

„מ'וועט מיר פרעגן" זאָגט דער פראַנצויזישער אוטאָפּיסט פוריע, — הייסט דאָס אַז אַלע האָבן ביז איצט אַ טעות געמאַכט, און איר איינער ווייסט מערער ווי אַלע געלערנטע פון אַלע צייטן? אַלע האָבן געמאַכט אַ טעות! און פאַר וואָס טאַקע ניט? איז דאָס דען צום ערשטן מאָל? האָט מען דאָס זעלבע ניט גע'טענה'־עט צו קאָלאָמבוסן און צו אַלע דערפינדער, וועלכע האָבן פונדעסט־וועגן ניט אויפגעהערט צו טראַכטן אַז ביז זיי — האָבן אַלע פאָרט געמאַכט טעות'ן".

עס איז אַלזאָ בלויז אַ גליקלאַכער צופאַל וואָס אַ געוויסן יחיד האָט זיך איינגעגעבן אויפצודעקן די ביז איצטיקע טעות'ן פון די מענטשן, און אויסגעפינען אַ פּלאַן ווי אַזוי די געזעלשאַפט אַזוי איבערצובויען אַז אַלע מענטשן זאָלן לעבן פריי און גליק־לאַך. די פּראָבלעם איצט איז צו איבערצייגן אַלעמען, אין דער גוטסקייט און מעגלאַכקייט פון דעם פּלאַן. אַז מ'קען אַ ל ע־מען איבערצייגן האָבן די אוטאָפּיסטן געגלויבט באמונה שלמה. אמת איז דאָך אמת אַלע מאָל, פאַר אַלע מענטשן אונטער אַלע אומשטענדן. איז אַ זאַך אמת, דאַן מוז דאָך יעדער מענטש, וואָס דיינקט לאָגיש סוף כל סוף דעם אמת אַנעמען. עס איז דערפאַר ניט געשטאַנען פאַר די אוטאָפּיסטן די פראַגע, ווער קען זייערע אידייען אויפנעמען — נאָר ווער קען זייערע אידייען פאַרווירקלאַכן. זיי האָבן נאַטירלאַך זייער גוט געוואוסט אַז אַם מערסטנס ליידן פון דער איצטיקער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג די אָרימע, איבער־הויפּט די אַרבעטער. פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך מיט זייער רוף ניט געווענדט צו דעם אָרימן און אונטערדריקטן טייל פון פאָלק, נאָר פאַרקערט צו די רייכע און מעכטיקע. פוריע האָט דערוואַרט אַז עפּעס אַ מיליאָנער זאָל קומען און פאַרלייגן זיינע מיליאָנען אין דינסט פון זיינע אוטאָפּיסטישע עקספּערימענטן; ר' אוען האָט זיך געווענדט צו מיליאָנערן, פּאָליטיקער און קעניגן, ער האָט אפילו געווידמעט זיינס אַ ביכל צום ענגלישן יורש עצר, און אים געראַטן זיך פאַרטראַכטן וועגן די חסרונות פון דער איצטיקער אָרדנונג, און העלפן, ווען ער וועט ווערן קעניג, פאַרווירקלאַכן דעם סאָציאַליזם; סען סימאָן האָט געזוכט אַן „אויפגעקלערטן דעספּאָט",

ער האט אפילו האפנונגען געלייגט אף נאפאלעאנען. דער ארבעטער קלאס איז פון זיי אינגאנצן איגנארירט געווארן (1) צו אים האבן זיי זיך באצויגן בלויז אלס פילאנטראפן. ר. אוען האט געהאלטן אז זיינע טעאריעס דארפן ניט פארשפרייט ווערן צווישן די ארבעטער, און סען סימאן האט אפעלירט צו די רייכע זיי זאלן טאן זייער פליכט און העלפן זייערע ארימע ברידער (2) גאנץ אפט האבן די אוטאפיסטן אפילו געסטראשעט די רייכע : געריינקט, אויב איר וועט ניט אנעמען אונזער עצה, וועלן די ארבעטער מאכן א רעוואלוציע!

אין זיין „נייעם קריסטענטום“ פארענטפערט זיך סען סימאן פאר וואס ער זוכט ניט צו פאראינטערעסירן די ארבעטער אין דער איבערבויאונג פון דער געזעלשאפט, ער דערקלערט דארט אז זיין „ערשטע זארג“ מוז זיין אנעמען אלע מיטלען אז די נייערע „זאל ניט אויפרייצן די ארימע קלאסן צו גוואלדטאטן קעגן די באזיצנדע און קעגן דער מלוכה. איך מוז זיך“, זאגט ער, “קודם כל ווענדן צו די רייכע און מעכטיקע, באקענען זיי מיט דער נייערע, און זען, אז זיי זאלן פארשטיין אז זי איז ניט קעגן זיי“ (3).

אויך ראבערט אוען האט ניט געהאלטן פאר ראטזאם אז די ארבעטער זאלן זיך ניט דערוויסן די יסודות פון רייכטום־שאפונג און קאמוניזם“ איידער זיי רעפארמירן זייערע כאראקטערן און באפרייען זיך פון דעם געפיל פון קלאסן מלחמה קעגן די רייכע. ער

האט זיי געלערנט אז די רייכע און ארימע, די הערשער און באהערשטע, האבן באמת די זעלבע אינטערעסן, און אז דער הערשנדער קלאס האט באמת ניט קיין פארלאנג צו דעגראדירן די ארבעטער און האלטן זיי אין שקלאפעריי (4).

---

(1) Boot: St. Simon and St. Simonism.

(2) אין זיינע שפעטערע יארן האט ר. אוען זיך אלץ מער און מער דערנענטערט צום ארבעטער קלאס, זע : ר. אוען, פון עד. דאלעאן :

(3) Max Adler: Max Studien, p. 110

(4) M. Beer: History of British Socialism, Vol. I., p. 173-4

מאַרקס און ענגעלס האָבן זייער גוט פֿאַרשטאַנען ווי אַזוי אָפּצושאַצן דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם. זיי האָבן זייער גוט פֿאַרשטאַנען, אַז הגם די טעאָרעטישע קאָנסטרוקציעס פֿון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם זיינען פֿאַלש, געפֿינען זיך אָבער אין זיי געזונטע קערנער. עס איז גאָר קיין פֿראַגע ניט, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן פֿון די אוטאָפּיסטן זייער פֿיל געלערנט, אפֿילו פֿון זייערע טעות׳ן. עס איז דערפֿאַר זייער גערעכט פֿראַנץ מערינג, ווען ער דערקלערט (געשיכטע פֿון דער דייטשער ס.־ד.), אַז מאַרקס און ענגעלס זיינען דורכגעגאַנגען ניט בלויז די שולע פֿון קאַנט, פֿיכטע און העגעל, נאָר אויך די שולע פֿון די אוטאָפּיסטן, אָבער דערצו דאַרף מען, נאַטירלאַך, אויך האָבן אין זינען, אַז די צייט, ווען מאַרקס און ענגעלס זיינען אויפֿגעטראָטן אַלס טעאָרעטיקער פֿון סאָציאַליזם האָבן זיי שוין ניט נאָר געקאָנט לערנען פֿון די טעות׳ן פֿון זייערע פֿאָרגענגער, נאָר די גאַנצע לאַגע איז געווען אַן אַנדערע. עס זיינען שוין אין פֿאַרשיידענע לענדער פֿון זיך אַליין אויפֿגעשפּרונגען פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. דער פּראָלעטאַריאַט האָט שוין אָנגעהויבן קומען צו זיך ,באַגרייפֿן זיך אַליין אַלס אַ באַזונדערן קלאַס מיט באַזונדערע אינטערעסן. עס האָט זיך אָנגעהויבן פֿירן דער קלאַסן־קאַמף. דער פּראָצעס, ווי אַזוי עס אַנטשטייען אַרבעטער־באַוואוסטזיניקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געצוואונגען צו פֿירן דעם קלאַסן־קאַמף, מעגן זיי אפֿילו וועגן דער טעאָריע פֿון קלאַסן־קאַמף קיינמאָל ניט האָבן געהערט, וועלכן מאַרקס האָט באַשריבן אין זיין פּאָלעמיק קעגן פּרודאָנ׳ען, איז ניט געווען עפּעס, וואָס מאַרקס האָט זיך פֿאָרגעשטעלט עס וועט זיין, נאָר טאַקע וואָס ער, און אפשר נאָך מער ענגעלס, האָבן אַליין צוגעזען. מאַרקס און ענגעלס האָבן, מיט אַנדערע ווערטער, שוין געפֿונען אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַרטיק דעם קלאַס, וועמעס פֿאָרשטייער זיי האָבן געקאָנט ווערן, וועלכער האָט געקאָנט אויפֿנעמען זייערע טעאָריעס אַלס זיינע. דער פּראָלעטאַריאַט איז שוין געווען, עס האָט זיך געפֿאָדערט דער טעאָרעטיקער, וועלכער זאָל קומען און פֿאַרקערפּערן אין אַ טעאָריע דאָס שטרעבן און ביינקען פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. דער קלאַסן־קאַמף האָט זיך געפֿירט, האָט זיך פֿון טאָג

צו טאָג אַלץ מער פערשאַרפט און אויסגעברייטערט, עס האָט זיך געפאָדערט דער דענקער, וועלכער זאָל טעאָרעטיש דערקלערן און באַרעכטיקן דעם קאַמף. דער מאַרקסיזם איז אַנטשטאַנען ניט ווייל צופעליק האָבן מאַרקס און ענגעלס זיך „דערטראַכט" דערצו, נאָר ווייל עס איז אָנגעוואַקסן אַ נויטיקייט פאַר אַ פּראָלעטאַרישער פילאָסאָפיע. פאַר אַ פּראָלעטאַרישער וועלט־אַנשויאונג. דער פּראָלעטאַריאַט, ווייניגסטנס דער טייל פון אים, וועלכער איז דורך די אומשטענדן אַרויסגערוקט געוואָרן אין פאָדערגרונט אַלס פאַר־קעמפער, האָט גלייך דערפילט, אַז די גאַנצע בורזשואַזע וויסנשאַפט און פילאָסאָפיע, וויפיל זי זאָל ניט ריידן וועגן אָביעקטיוויטעט וועגן אומפּאַרטייאישקייט, אין וועלכן הומאַניטאַרן מאַנטל זי זאָל זיך ניט איינוויקלען, איז דאָך זיין שונא. עס איז ניט געשטאַנען פאַר אים די פראַגע וועגן איר וויסנשאַפטלאַכקייט, נאָר וועגן איר קלאַס־כאַראַקטער. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אין איר ניט געפו־נען, זיינע אינטערעסן, זיינע בײנקונגען, זיינע חלומות, זיינען דאָרטן ניט געווען. זיין קאַמף, וועלכן ער האָט געמוזט פירן, איז דאָרט ניט באַרעכטיקט געוואָרן. עס איז שוין אָבער אין דער מענטשלאַ־כער נאַטור צו וועלן באַרעכטיקן טעאָרעטיש זיינע האַנדלונגען. איינער פון די וויכטיקסטע אמת'ן, וואָס די נייע פּסיכאָלאָגיע האָט אויפגעדעקט, איז דער פּרינציפּ פון ראַציאָנאַליזאַציע. אונזערע האַנדלונגען ווערן גאַנץ אָפט באַשטימט פון אורזאַכן, וועלכע זיינען פאַר אונז אַליין אַ סוד, גאַנץ אָפט גייען זיי להיפוך צו אונזער פאַרשטאַנד, מערסטנסטייל וואָלטן מיר אַליין בשום אופן ניט זיין בכח צו דערקלערן די אמת'ע אורזאַכן פון אונזערע האַנדלונגען.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע מאַכט אַן אונטערשייד צווישן „אמת'ע אורזאַכן" און „גוטע אורזאַכן".*) די אמת'ע אורזאַכן זיינען אָפט, צו־אָפט, אינגאַנצן אומבאַקאַנט פאַר אונז. מעגלאַך, אַז אַ פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז וואָלט אונז באַוויזן אַז די אמת'ע אורזאַכן פון אונזערע האַנדלונגען זיינען אַזעלכע, פון וועלכע מיר האָבן אפילו ניט געטראַכט, אָפט אַזעלכע, וועלכע מיר וואָלטן גאָר בשום

*) U. J. Robinson. The mind in the making.

אופן ניט געוואָלט צוגעבן. אָבער דער מענטש האַלט זיך ניט אין איין אַאַנליזירן און קען דאָס אפילו ניט. אַזאַ אַנאַליז מוז גע־מאַכט ווערן פון אַ ספּעציאַליסט, מיט אַ גאַנץ באַשטימטער פאַר דעם צוועק אויסגעאַרבעטער טעכניק. אין דעם אַלטעגלאַכן לעבן זוכן מיר ניט די „אמת'ע אורזאַכע", נאָר די „גוטע אורזאַכן". מיר פילן אַ באַדערפניש, לאָגיש און שכל'דיק צו דערקלערן אונזערע האַנדלונגען, און מיר געפינען שוין אימער די נויטיקע לאָגישע באַרעכטיקונג. דאָס איז אָבער דער פאַל ניט בלויז מיט יחידים, נאָר אויך מיט קלאַסן. אויך אַ קלאַס, פילט דיזעלבע באַדערפניש ראַציאָנאַל צו דערקלערן זיינע האַנדלונגען, טעאָרעטיש באַרעכטיקן דאָס, וואָס ער איז געצוואונגען צו טאָן אַ דאַנק דעם צוואַנג פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען. מיט איין וואָרט, פונקט ווי דער יחיד איז געצוואונגען פאַר זיך צו שאַפן אַן אייגענע פילאָסאָפיע, איז אויך דער קלאַס דערצו געצוואונגען.

דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם האָט ניט געקאָנט ווערן די פילאָסאָפיע פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט איז פאַר דעם אוטאָפּיסטן געווען בלויז אַן אָביעקט פאַר רחמנות, דער אוטאָפּיסט איז צום פּראָלעטאַריאַט בלויז געקומען אַלס פילאַנטראָפּ, וואָס האָט אים געוואָלט פאַרבעסערן זיין לאַגע, טאָן אים אַ טובה. אָבער די ערפאַרונג האָט שוין פון לאַנג געלערנט דעם אַרבעטער, אַז ער זאָל קיין צוטרויען ניט האָבן צו זיינע בעלי־טובות, אַז ער זאָל אַנטלויפן פון די אַלע מינים פילאַנטראָפּן, וואָס ווילן אים העלפן. די ערפאַרונג האָט אים געלערנט צו זוכן הילף בלויז ביי זיך אַליין, זיך פאַרלאָזן בלויז אויף זיינע אייגענע כחות. האָט זיך נעפאָדערט אַזאַ פילאָסאָפיע, וואָס זאָל אָט די גאַזאַמלטע ערפאַרונ־גען פון דעם פּראָלעטאַריאַט סיסטעמאַטיזירן, טעאָרעטיש דערקלערן און באַרעכטיקן. אַזאַ פילאָסאָפיע איז דער מאַרקסיזם.

# II

# היסטאָרישער מאַטעריאַליזם

## .1

די צייט צווישן די אוטאָפּיסטן און דעם מאַרקסיזם איז לפּי ערך ניט גרויס — אָבער אין אָט דער צייט האָבן זייער פיל זאַכן פּאַסירט. די וועלט האָט אַן אַנדער פּנים באַקומען. דער אַלטער מאַטעריאַליזם וואָס האָט געדינט אַלס יסוד פאַר די מערסטע אוטאָ־פּיסטישע טעאָריעס, איז אַרונטער פון סצענע. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער באַנייטער אידעאַליזם, וואָס האָט אין העגעלן געפונען זיין בעסטן און העכסטן אויסדרוק.

אָבער אויך דער העגעלשער אידעאַליזם, האָט אין דער צייט ווען מאַרקס און ענגעלס באַווייזן זיך אויף דער היסטאָרישער אַרענע, שוין אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ. די גוואַלדיקע דערפאָלגן פון דער נאַטור־וויסנשאַפט האָבן איינס נאָך איינס צעשטערט די לופט שלעסער פון דעם אידעאַליזם. די עוואָלוציאָנס טעאָריע האָט אָנ־געהויבן באַהערשן די מענטשלאַכע מחות, און רעוואָלוציאָניזירט אַלע ביז איצטיקע באַגריפן. אַלע אַבסאָלוטע אמת'ן האָבן אין דער ליכט פון דער עוואָלוציאָנס טעאָריע אָנגעהויבן אויסקוקן לעכערלאַך. היסטאָרישע פאָרשונגען, וואָס זיינען זייער שטאַרק סטימולירט געוואָרן דורך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן אָנגעהויבן אַלץ מער און מער זיך נויגן צום געדאַנק, אַז די מענטש־לאַכע געזעלשאַפט איז אויך אונטערוואָרפן אונטער די אַלגעמיינע געזעצן פון אַנטוויקלונג. עס האָט אָנגעהויבן קלאָר ווערן, אַז אין דער געזעלשאַפט הערשט פונקט אַזוי ווייניק דער צופאַל ווי אין דער נאַטור. אַנטדעקן די אָביעקטיווע געזעצן פון דער געזעלשאַפט־

לאַבער עוואָלוציע איז געוואָרן אימפּעראַטיוו פאַר יעדן סאָציאַל פילאָסאָף. דער באָדן פאַר דער אָביעקטיווער, וויסנשאַפטלאַכער סאָציאָלאָגיע איז געשאַפן געוואָרן*).

די צייט איז געווען א רעוואָלוציאָנערע. גאַנץ אייראָפּע האָט געפילט דעם אָנקומען פון א נייער רעוואָלוציע. אין דער צייט הויבט אויף דער ארבעטער קלאַס אָן קומען צו זיך, ער הויבט זיך אָן דערפילן אַלס באַזונדערער קלאַס, וואָס האָט באַזונדערע קלאַסן אינטערעסן, וואָס גייען להיפוך צו די אינטערעסן פון אַלע אנדערע קלאַסן. ארבעטער אָרגאַניזאַציעס אנטשטייען ספּאָנטאַן אין אַלע ווינקעלאך פון דער אינדוסטריעלער אייראָפּע. „אין 1842 קומט פאָר אין ענגלאַנד דער ערשטער סטרייק פון א גרויסן מאַס־שטאַב... וואָס טראָגט א פּאָליטיש רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער; אין 1842־43 איז די אידייע פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע שטאַרק פאַרשפּרייט אין ענגלאַנד; אין 1844 ברעכט אויס דער אויפשטאַנד פון די וועבער אין סיליעזיע; אין 1845־46 הויבן אָן סאָציאַליסטישע אידייען שנעל פאַרשפּרייט ווערן אין אַלע טיילן פון דייטשלאַנד... דער געשפּענסט פון קאָמוניזם הייגט איבער אייראָפּע“**). די ארבעטער באַוועגונג האָט ניט געוואַרט אַז א מעאָריע זאָל באַרעכטיקן איר אנטשטיין אָדער איר קאַמף, זי האָט זיך אָבער יע געניטיקט אין א פילאָסאָפיע וואָס זאָל געבן אויסדרוק פאַר אירע דערפאַרונגען, און פאַרבינדן איר מיט די אינטעלעקטועלע שטרעמונגען פון דער צייט. אין א בריף צו רוגע האָט מארקס אין 1843 (נאָך דאַמאָלסט גאָר א יונגערמאַן) דערקלערט די פּראָגראַם פון זיין צוקונפטיקער טעטיקייט אין די פאָלגנדיקע ווערטער: „מיר פּראָקלאַמירן ניט פאַר דער וועלט, ווי דאָקטרינערן א וועלכן עס איז נייעם פּרינציפּ... אָט איז דער אמת, — בוק זיך פאַר אים... מיר מאַכן נאָר קלאָר פאַר די מענטשן פאַר וואָס זיי

---

*) זע, ק. קאַוטסקי — עטיק און די מאַטעריאַליסטישע אויפ־פאַסונג אָף געשיכטע, — איבערזעצט אין אידיש פון ח. קאַנטאראָוויטש.

**M. Beer—Life and Teaching of K. Marx, p. 39.

קעמפן באמת און צו אָט דעם באַוואוסטזיין וועלן זיי מוזן קומען צי זיי ווילן דאָס אָדער ניט". אין אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן בלויז געוואָלט אינטערפּרעטירן, אין דער ליכט פון דער וויסנשאַפט פון זייער צייט, דעם קלאַסן קאַמף, וואָס האָט אָפּן געפלאַקערט איבער גאַנץ אייראָפּע.

מאַרקס און ענגעלס האָבן געהאַט דעם פאַרצוג קעגן זייערע פאַרלויפער ניט דערמיט בלויז וואָס זיי האָבן געלעבט אין דער צייט ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנגעהויבן אומעטום פירן זיין קלאַסן קאַמף באַוואוסטזיניק; ניט בלויז וואָס זיי האָבן געקענט זיך באַנוצן מיט די ווערטפולע דערפאַרונגען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און דעם ענגלישן טשאַרטיזם, נאָר אויך דערמיט וואָס זיי זיינען ביידע דורכגעגאַנגען די העגעלישע שולע. די העגעלישע דיאַלעקטישע מעטאָדע, מיט וועלכער די ווערק פון מאַרקסן און פון ענגעלסן זיינען דורכגעדרונגען, האָבן פאַר זיי געדינט אַלס דער שליסל צו די פאַרפלאָנטערטע סאָציאַלע און פילאָסאָפישע פּראָבלעמען פון זייער צייט. אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור איז די פראַגע וועגן דעם שייכות צווישן מאַרקס און העגעל זייער פיל דעבאַטירט געוואָרן. אין דער צייט, ווען אַזעלכע מאַרקסיסטן ווי פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי, מערינג און אַנדערע האָבן געהאַלטן אַז די העגעלישע דיאַלעקטיק, אין דער מאַטעריאַליסטישער פאָרמע אין וועלכער מאַרקס האָט איר באַקליידט, איז אַן אָרגאַנישער טייל פון מאַרקסיזם, זיינען געווען (און אויך איצט פאַראַן) גענוג אָנגעזעענע מאַרקסיסטן, וואָס האַלטן אַז מ'קען זיין אַ גוטער מאַרקסיסט, ניט אָנערקענענדיק די דיאַלעקטישע מעטאָדע. אָבער קיין מאַרקס פאָרשער וועט ניט לייקענען די גרויסע באַדייטונג וואָס די העגעלישע דיאַלעקטיק האָט געהאַט אין דער אַנטוויקלונג פון מאַרקסיזם. פאַרקערט, די לעצטע פאָרשונגען האָבן באַוויזן אַז אין דעם מאַרקסיזם זיינען פאַראַן פיל מער העגעליאַנישע עלעמענטן ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט. הענריק קונאָוו, האָט אין זיין גרויסער אַרבעט „וועגן דער מאַרקסיסטישער געשיכטעס, געזעלשאַפט און שטאַט'ס טעאָריע" באַוויזן אַז מאַרקס האָט בא העגעלן געבאָרגט ניט בלויז זיין דיאַלעקטישע מעטאָדע, נאָר אויך

אַ סך ריין סאָציאָלאָגישע באַגריפן. נאַטירלאַך האָט זיי מאַרקס פאַרענדערט, פונקט ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט דער דיאַלעקטיק. אַ פאַרשטענדניש פון דער העגעלישער דיאַלעקטיק איז דערפאַר דורכאויס נויטיק כדי צו פאַרשטיין דעם מאַרקסיזם.

העגעל קאָן באמת באַצייכנט ווערן אַלס דער מענטש אין וועמעס ברוסט עס קעמפן צוויי נשמות. פון איין זייט איז העגעל אַן אידעאַליסט מיסטיקער. די נשמה פון זיין סיסטעם איז די אַבסאָלוטע אידייע. ווען איר קען העגעל אונז פונקט אַזוי פיל דערציילן, ווי אַלע אַנדערע מעטאַפיזיקער און מיסטיקער וועגן זייערע „אידייען" און „נשמות" און „גייסטער" וואָס זיי פאַסטור־לירן. העגעלס אַבסאָליוטע אידייע ציט זיך פון ערגעץ ניט אין ערגעץ ניט. די דאָזיקע אַבסאָלוטע אידייע געפינט זיך אין אַן אייביקער באַוועגונג. און איר באַוועגונג שאַפט די וועלט און מענטש, אין די געזעצן פון איר באַוועגונג דאַרפן מיר זוכן אַ דער־קלערונג פאַר אַלץ וואָס איז געווען און איז פאַראַן. דאָס איז אָבער באמת בלויז העגעלס מאַסקע. הינטער דער מאַסקע פון דעם אידעאַליסט־מיסטיקער האָט זיך באַהאַלטן דער צווייטער העגעל, דער רעאַליסט, דער פיאָנער פון דער אַנטוויקלונגס טעאָריע, דער דיאַלעקטיקער. דאָס איז געווען אָט דער צווייטער העגעל, וואָס האָט צו זיך אַזוי צוגעצויגן מאַרקסן און ענגעלסן*.

אין זייער יוגנט זיינען ביידע, אי מאַרקס אי ענגעלס געווען אידעאַליסטן. דערפון האָבן זיי זיך אָבער שנעל באַפרייט. אַלס אַקטיווע קעמפער, אַלס מענטשן פון טאַט, האָבן זיי בשום אופן ניט געקענט אָננעמען די אידעאַליסטישע ספּעקוליאַציעס, וואָס שטעלן אַוועק שאָטנס אַנשטאָט זאַכן. ווען מ'רעט וועגן מאַרקס און ענגעלס אַלס פילאָסאָפן דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז דער געוויינלאַך־אָנגענומענער באַגריף „פילאָסאָף" פאַסט זיך

---

*) וועגן דעם זע פּלעכאַנאָוו'ס אַרטיקל „צום 50טן יאָרצייט פון העגעלען" אין זיין בוך די קריטיק פון אונזערע קריטיקער, ווי אויך „צו דער פראַגע וועגן מאַניסטישן בליק אַף דער געשיכטע", קאַפּיטל 4, א. וו.

ניט פאַר זיי. אין זיין באַרימטן ראָמאַן „דער תלמיד“ שילדערט דער פראַנצויזישער שרייבער פּאָל בורזשע א פילאָסאָף. דאָס איז א מענטש, וואָס האָט אויפגעשטעלט א מחיצה צווישן זיך און דאָס לעבן. ער גייט ערגעץ ניט, אינטערעסירט זיך מיט קיין זאַך ניט מחוץ פון זיינע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען, לייענט קיין צייטונג ניט. די טיר און פענסטער פון זיין קאַבינעט זיינען אימער פאַרשלאָסן, די שטאָרן אַראָפּגעלאָזן, כדי דער רעש פונם לעבן זאָל זיך חלילה ניט אריינרייסן אין זיין פילאָסאָפישער קאַבינעט, און די קולות פון דער ווירקלאַכקייט זאָלן ניט אריינטראָגן קיין דיסהאַרמאָניע אין זיין קינסטלאַך אויפגעבויטער וועלט. מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען פונקט דער היפוך פון אַט דעם מין קאַבינעט פילאָסאָף. דאָס זיינען געווען מענטשן וואָס זיינען געשטאַנען מיטביידע פיס אין לעבן, קעמפער וואָס האָבן ווייניק צייט געהאַט פאַר דעם „שפּיל און ספּעקולאַציעס“ — דער קאַמף האָט זיי געלערנט אַז די פּראַקטיק איז די מאָס פאַר דער ווירקלאַכקייט.

אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור איז פאַר יאָרן אָנגעגאַנגען א קאַמף וועגן דעם צי קען מען אָפּטיילן דעם מאַרקסיזם פון פילאָסאָפישן מאַטעריאַליזם. אַז מאַרקס און ענגעלס זיינען געווען מאַטעריאַליסטן אין זייער פילאָסאָפיע אַזוי גוט ווי אין זייער סאָציאָלאָגיע, דאָס קען קיינער ניט לייקענען. עס איז אָבער אויך זיכער אַז ניט מאַרקס און ניט ענגעלס האָבן זיך שטאַרק געקימערט וועגן אייגנטלאַך־פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. די פילאָסאָפיע איז פאַר זיי געווען א טייל פון דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע, אַן אינסטרומענט אין די הענט פון א וועלכן עס איז קלאַס. די פילאָסאָפן ביז איצט האָבן דער וועלט געוואָלט דערקלערן, עס איז אָבער נויטיק דער וועלט איבעראַנדערשן“. פאַר דער איבעראַנדערשונג פון דער וועלט טויג ניט די אידעאַליסטישע פילאָסאָפיע. זי איז ניט גענוג אַקטיוו, זי פאַרטונקלט די ווירקלאַכקייט, זי ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקייט פונם מענטשן פון דער ערד, זי שאַפט פאַלשע אילוזיעס. דאָס מיינט אָבער ניט אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן געוואָלט פאַרבייטן די אידעאַליסטישע מעטאַפיזיק אויף א מאַטעריאַליסטישער. „מיט העגעלן“, דערקלערט ענגעלס —

„פאַרענדיקט זיך די פילאָסאָפיע בכלל" און אין זיין אַנטי דיורונג דערקלערט ענגעלס גאַנץ אָפן אַז „מיר נויטיקן זיך ניט אין אַ פילאָסאָפיע נאָר אין עקזאַקטן וויסן וועגן דער וועלט און וואָס עס קומט אין איר פאָר, און דאָס וואָס עס באַקומט זיך דערפון איז ניט קיין פילאָסאָפיע נאָר עקזאַקטע וויסנשאַפט". צווישן אַלע מאַרקסיסטן איז ג. וו. פּלעכאַנאָוו געווען דער וויכטיקסטער פאַרטיידיקער פון דעם געדאַנק אַז דער מאַרקסיזם און דער פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזם, קענען ניט אָפּגעטיילט ווערן. פונדעסטוועגן איז אויך פאַר פּלעכאַנאָוו'ן קלאָר אַז דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם מיינט אייגנטלאַך קיין אַנדער זאַך ניט ווי די עקזאַקטע וויסנשאַפט.

„די פילאָסאָפיע" זאָגט פּלעכאַנאָוו — „וואָס האָט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט אַ סך נוצן געבראַכט דער נאַטור וויסנשאַפט, האָט איצט געדאַרפט באַפרייען די סאָציאַלע וויסנשאַפט פון דעם לאַבירינט פון אירע ווידערשפּרוכן. אַזוי שנעל ווי אָט די אויפגאַבע איז דורכגעפירט געוואָרן, האָט די פילאָסאָפיע געקענט זאָגן: „איך האָב מיינס אָפּגעטאָן — איך קען גיין" ווייל אין דער צוקונפט האָט די עקזאַקטע וויסנשאַפט געמוזט מאַכן די היפּאָטעזן פון דער פילאָסאָפיע נוצלאָז". *)

די פילאָסאָפיע פון מאַרקסיזם איז אייגנטלאַך אַ וויסנשאַפטלאַכער רעאַליזם. אַזאַ מין פילאָסאָפיע קען קיינמאָל ניט ווערן קיין סיסטעמע אין געוויינלאַכן זין פון וואָרט. זי האַלט זיך שטענדיק אין איין אַנטוויקלען. יעדער פאָרשריט פון דער וויסנשאַפט מוז נאַטירלאַך ברייענגען ענדערונגען אין איר. גערעכט זיינען דערפאַר די, וואָס זאָגן זיך אָפּ צו פאַראייניקן דעם מאַרקסיזם מיט אַ וועלכער עס איז באַשטימטער פילאָסאָפישער סיסטעם. יעדער סיסטעם איז לויט איר טבע אַ פאַרענדיקטע פאַרגליווערטע זאַך. דער גייסט אָבער פון מאַרקסיזם, זיין נשמה איז די אייביקע אומאויפהערלאַכע אַנטוויקלונג. פאַרגליווערטקייט קען דער מאַרקסיזם ניט פאַרטראָגן. ס'איז אמת אַז אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור

*) ג. וו. פּלעכאַנאָוו: אָטשערקי פּאָ איסטאָריאי מאַטעריאַליזמאַ — ז. 107.

גופא איז פּאַראַן אַ טענדענץ צו מאַכן פון דעם מאַרקסיזם גופא אַ פּאַרענדיקטע פּאַרגליווערטע סיסטעמע — זיכער אָבער איז אין דעם מאַרקסיזם ניט שולדיק. ווען מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך באַפרייט פון העגעלשן אידעאַליזם, איז דאָס געווען ניט כדי צו פאַר־בייטן אַן אידעאַליסטישע מעטאַפיזיק אויף אַ מאַטעריאַליסטישער, נאָר כדי צו קענען, מיט דער הילף פון די מעטאָדן און רעזולטאַטן פון דער וויסנשאַפט פון זייער צייט געבן אַ וויסנשאַפטלאַכע אינ־טערפּרעטאַציע פון דעם לעבן און אַנטוויקלונג פון דער מענטשלאַ־כער געזעלשאַפט.

דער קאַמף קעגן דעם העגעלשן אידעאַליזם איז אַנגעפירט גע־וואָרן ניט פון מאַרקסן און ניט פון ענגעלסן, נאָר פון פייערבאַכן. ניט מאַרקס און ניט ענגעלס האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק ברייט צו שרייבן וועגן זייערע אַלגעמיין פילאָסאָפישע מיינונגען. ענגעלס דערציילט אַז מאַרקס און ער האָבן אָנגעשריבן אַ קריטיק פון דער דייטשישער פילאָסאָפיע נאָך העגעלן וואָס האָט געזאָלט דער־שיינען אין צוויי בענד. היות אָבער ווי זיי האָבן ניט געהאַט קיין מעגלאַכקייטן די ווערק אַרויסגעבן, האָבן זיי דאָס גאַנץ רואיק איי־בערגעגעבן צו דער „אויפפרעסנדער קריטיק פון די מייז". עס האָט זיי דער ענין ווייניק וואָס געאַרט. די הויפּט זאַך האָבן זיי אָפּגעטאָן, זיי האָבן פאַר זיך אַליין קלאָר געמאַכט זייער שטעלונג צו די פאַר־שיידענע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען פון זייער צייט. איצט קע־נען זיי זיך רואיק נעמען פאַר זייער וויסנשאַפטלאַכער אַרבעט.

זיך באַפרייענדיק אָבער פון דעם העגעלשן אידעאַליזם האָבן מאַרקס און ענגעלס זיך שטאַרק געהיט ניט אַרויסצוגיסן דאָס קינד צוזאַמען מיט דאָס וואַסער. פּונקט ווי זיי האָבן געזען העגעלס חסרונות האָבן זיי אויך געזען זיינע מעלות. פאַרוואַרפנדיק הע־געלס סיסטעם, האָבן זיי אָבער אָנגענומען, און פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצונוצן זיין מעטאָדע. אויב אין זיין סיסטעם האָט העגעל ווייי־ניק וואָס נייעס אַריינגעבראַכט, איז אָבער זיין דיאַלעקטישע מע־טאָדע, מסוגל געווען צו מאַכן אַ רעוואָלוציע אין מענטשלאַכן גע־דאַנק. די העגעלשע דיאַלעקטיק איז באמת געווען, ווי איין רוסי־

שער שרייבער האָט זיך אויסגעדריקט „די אַלגעבראַ פון רעוואָלו־ציע“. אָט די דיאַלעקטישע מעטאָדע האָבן מאַרקס און ענגלס אָנ־גענומען, און אַפּן גלענצנדסטן אופן אויסגענוצט.

וואָס איז געווען די העגעלשע דיאַלעקטיק ? פריער פון אַלץ איז דאָס געווען אַ רעוואָלט קעגן דער טראַדיציאָנעלער לאָגיק וואָס אין די גאַנצע צייט פאַרבליבן פאַרגליווערט און סכאָלאַסטיש. די טראַדיציאָנעלע לאָגיק האָט געגלויבט אין אייביקע אומפאַרענדרבאַ־רע געזעצן. זאַכן און וועזנס וואָס געפינען זיך אין דער וועלט ווערן איינגעטיילט אין אייביקע מינים און קלאַסן. אַלץ איז פאַר־גליווערט, באַשטענדיק, אייביק. די טראַדיציאָנעלע לאָגיק איז פאַר־בליבן אַזוי ווי זי איז געווען אין אַריסטאָטעלס צייט, — אַ באַ־שרייבונג פון די פּראָצעסן פון מענטשלאַכן דיינקען. די דאָגמען פון דער טראַדיציאָנעלער לאָגיק וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין אייביק און אומפאַרענדבאַר זיינען געווען : דער פּרינציפּ פון אידענטיטעט, A=A ; דער פּרינציפּ פון ווידערשפּרוך, A קען ניט זיין גלייכצייטיק און ניט A ; און דער פּרינציפּ וואָס שליסט אויס צווישן מעגלאַכקייט, A קען בלויז זיין A אָדער ניט A.

אָט די מעטאָדע פון דיינקען פלעגט העגעל אָנרופן „די מעט־טאַפיזישע מעטאָדע“. אַז די מעטאַפיזישע מעטאָדע איז אַמאָל געווען נייטיק און נוצלאַך האָבן צוגעגעבן העגעל אַזוי גוט ווי מאַרקס און ענגעלס. „איידער מ'קען זיך נעמען פאַר דער אויס־פאָרשונג פון פּראָצעסן“ זאָגט ענגעלס*) „האָט מען געדאַרפט אויס־פאָרשן די איינצלנע זאַכן. עס איז נויטיק געווען פריער צו דער־ווסן זיך וואָס איז אַזוינס די באַשטימטע זאַך, און ערשט נאָך דעם אויספאָרשן די ענדערונגען וואָס קומען פאָר דערין. דאָס איז דער וועג אַף וועלכן די נאַטור וויסנשאַפטן זיינען געגאַנגען. די אַלטע מעטאַפיזיק וואָס האָט באַטראַכט זאַכן ווי איין מאָל פאַר אַלע

*) פר. ענגעלס, — פויערבאַך, רוס. איבערזעצונג פון ג. וו. פּלע־כאַנאָוו — זע פּלעכאַנאָווס פאָרעדע פאַר אַ גענויער דערקלערונג וועגן דעם חילוק צווישן דער העגעלשער און מאַרקסיסטישער דיאַלעקטיק.

מאָל געגעבענע, ווי אייביקע, איז אַרויסגעוואַקסן פון דער נאַטור וויסנשאַפט וואָס האָט באַטראַכט די גאַנצע לעבעדיקע און טויטע נאַטור ווי עפּעס אייביקעס אומפאַרענדערבאַרעס. „דער מעטאַפיזישער בליק אַף דער נאַטור איז געווען נויטיק, אָבער אין העגעלס צייטן, און נאָך מער אין דער צייט ווען דער מאַרקסיזם האָט זיך אַנטוויקלט האָט שוין די מעטאַפיזיק פאַרלאָרן יעדע באַרעכטיקונג. די וויסנשאַפט האָט שוין דערגרייכט די שטופע, ווען זי האָט אויפגעהערט זיין אַ זאַמלערן פון איינצעלנע פאַקטן, און איז געוואָרן אַן אָרדנונג בריינגערן. די וויסנשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט אַריינבריינגען אָרדנונג אין דעם אנגעזאַמלטן מאַטעריאַל. זי האָט זיך פאָלגליך געמוזט אָפּגעבן מיט אויסגעפינען די פאַרבינדונגס פּונקטן צווישן די פאַרשיידענע זאַכן, און נאָך מער וועגן זייער אַנטשטיין און אַנטוויקלונג. די וויסנשאַפט האָט אָנגעהויבן זען די וועלט און נאַטור אין איר איינהייטלאַכקייט און אין איר אַנטוויקלונגס פּראָצעס. צווישן דער וויסנשאַפט בכלל און דער טראַדיציאָנעלער לאָגיק איז געשאַפן געוואָרן אַ תהום. די אַלטע לאָגיק איז ניט צוגעפּאַסט געווען פאַר דער נייער צייט.

קעגן דער טראַדיציאָנעלער לאָגיק האָט העגעל רעוואָלטירט. איר פּלאַץ האָט באַ אים פאַרנומען זיין דיאַלעקטישע לאָגיק. עס זיינען ניטאָ קיין באַזונדערע זאַכן. דער אוניווערזום איז איין גאַנצעס, און יעדער זאַך איז אָפּהיינגיק אַן אַ סך אַנדערע זאַכן. זאַכן קען מען דערקענען און פאַרשטיין בלויז אין זייערע שיכותן מיט אַנדערע זאַכן. אַ זאַך אין זיך, אָפּגעריסן פון אַלע אַנדערע זאַכן איז אַן אַבסטראַקציע. עס זיינען ניטאָ קיין אייביקע, פאַרגליווערטע זאַכן, אַלץ געפינט זיך שטענדיק אין אַ פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, קיין זאַך שטייט ניט אויף איין אָרט, אַלץ פליסט, קיין זאַך קען ניט זיין איינס און דאָס זעלבע אין צוויי באַזונדערע מאָמענטן. ווייל ס'האַלט זיך אין איין כסדרדיקן ענדערן. דאָס איז דער פאַל ניט בלויז מיט מאַטעריעלע זאַכן, נאָר אויך מיט אידייען, עס זיינען ניטאָ און קענען ניט זיין קיינע אַבסטראַקטע אייביקע אידייען צ. ב. ש. פון גוטס, אמת, שיינקייט, גערעכטיקייט א. א. וו. אַ זאַך קען זיין גוט אין איין מאָמענט און שלעכט אין אַ צווייטן,

אמת אין איין מאָמענט און פאַלש אין אַ צווייטן. וואָס איז שיין אין איין צייט קען זיין מיאוס אין אַ צווייטער. מיר קענען זיך ניט פרעגן צו איז אַ זאַך גוט אָדער שלעכט, ווייל ס'ווענדט זיך פאַר וועמען, ווען, אונטער וועלכע אומשטענדן. די זעלבע זאַך קען זיין גוט פאַר איינעם און שלעכט פאַר אַ צווייטן, אמת פאַר איין מענטשן, אָדער גרופּע מענטשן און פאַלש פאַר אַנדערע. קיין זאַך איז ניט אייביק, יעדע זאַך אַנטשטייט, אַנטוויקלט זיך און ווערט פאַרוואַנדלט אין איר היפוך. יעדע זאַך טראָגט אירע אייגענע ווידערשפּרוכן אין זיך. דער ווידערשפּרוך איז דער פּרינציפּ פון לעבן. טאַקע אַ דאַנק די איינגעבוירענע ווידערשפּרוכן אין אַלץ וואָס עקזיסטירט איז מעגלאַך אַ פּראָגרעסיווע אַנטוויקלונג*).

די העגעלשע דיאַלעקטיק ווערט אָפּט, צו אָפּט, פאַרביטן אַף דער געוויינלאַכער אידייע פון עוואָלוציע. זיך פאַרטיידיקנדיק קעגן די קריטיקער פון דער דיאַלעקטיק האָבן מאַנכע מאַרקסיסטן, געוואָלט מאַכן דעם איינדרוק אַז די דיאַלעקטישע עוואָלוציע איז אייגנטלאַך די זעלבע וואָס עוואָלוציע בכלל**). דאָס איז אָבער פאַלש. דער געוויינלאַכער באַגריף פון עוואָלוציע שליסט אויס רעוואָלוציע. די עוואָלוציאָניסטן, מיט קליינע אויסנאַמען שטייען נאָך אַלץ אַפן שטאַנדפּונקט אַז די נאַטור מאַכט ניט קיינע שפּרונגען, אַז עס קומען ניט פאָר קיין פּלוצלאַכע, קאַטאַסטראָפאַלע ענדערונגען. אמת אַלץ אַנטוויקלט זיך, אַלץ ענדערט זיך כסדר, אָבער דאָס קומט פאָר שטיל, רואיק. אָן רעש, בהדרגה, פאַר דעם פּשוטן מענטשן, אומבאַמערקט. דאָס איז אַ שטילע פיינע דזשענטלמענישע עוואָלוציע. ניט אומזיסט איז די עוואָלוציאָנס טעאָריע אַזוי ברייט אויסגענוצט געוואָרן פון די בורזשואַזע אידעאָלאָגן צו באַווייזן וויסנשאַפטלאַך די אונמעגלאַכקייט פון רעוואָלוציעס. עס איז אמת, אין דער לעצטער צייט הויבט אָן אַלץ מער און מער זיך

*) זע צ. ב. ש., ל. ב. בודינס בוך „טעאָרעטיקל סיסטעם אָוו קאַרל מאַרקס“ דעם ערשטן קאַפּיטל. און פּערים בוך „סאָציאַליזם און מאָדערנע וויסנשאַפט“ וואו ער וויל מאַכן אַ שידוך צווישן מאַרקס און ספּענסער.

**) M. Beer, Life and Teaching of K. Marx, p. 39.

אנזען דער געדאַנק פון פּלוצלאַכע ענדערונגען, פון רעוואָלוציעס אפילו אין דער וויסנשאַפט, דערוויילל אָבער זיינען דאָס נאָך שוואַ־כע אָנהויבן. העגעל, און נאָך אים מאַרקס און ענגעלס, זיינען לכתחילה ארויסגעטראָטן קעגן אָט דעם באַגריף פון עוואָלוציע*). פאַרקערט, דער וועג פון עוואָלוציע איז דורך רעוואָלוציעס, יעדע עוואָלוציע איז בלויז אַ פאַרבערייטונג צו רעוואָלוציע, אַ מין אנ־זאַמלונג פון כחות, ווען די אנזאַמלונג וועט דערגרייכן אַ באַשטימטן פּונקט, מוז קומען אַ רעוואָלוציע, אַ פּלוצלאַכע פאַרענדערונג, אַן איבערגאַנג פון די אָנגעזאַמלטע קוואַנטיטעטן אין אַ נייער קוואַלי־טעט **).

דורכגייענדיק די העגעלשע שולע, שטייענדיק אַפן שטאַנד־פּונקט פון דער דיאַלעקטישער עוואָלוציע, האָבן מאַרקס און ענגעלס נאַטירלאָך, ניט געקענט אנעמען דעם דאָמאָלסט הערשנדיקן אוּ־טאָפּיסטישן סאָציאַליזם וואָס איז געווען דורך און דורך מעטאַ־פיזיש. עס זיינען נישטאָ קיין אבסאָליוטע אמתן, וואָס זאָלן זיין אמת אין אַלע צייטן, פאַר אַלע מענטשן אונטער אַלע אומשטענדן — אָבער דער סאָציאַליזם איז דאָך פאַרן אוטאָפּיסט גראַד געווען אזא אַלגעמיינער אבסאָלוטער אמת. דער אוטאָפּיסט האָט זיך גע־שטעלט די פראַגע אזוי: איז דער סאָציאַליזם בעסער פאַרן קאַ־פּיטאַליזם? און האָט געענטפערט, יע, געוויס. ניין, זאָגט מאַרקס, אזוי קען מען גאָר די פראַגע ניט שטעלן. מיר מוזן פרעגן ווען איז קאַפּיטאַליזם שלעכט? זיכער איז אז דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אנטוויקלט אַ דאַנק געוויסע געזעלשאַפטלאַכע נויטן, און באַדערפנישן וואָס בלויז ער האָט זיי געקענט פאַרענטפערן. דאַן, ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט אָט די געזעלשאַפטלאַכע נויטן געקענט פאַרענטפערן איז ער ניט געווען שלעכט; לגבי דעם פעאָדאַליזם

---

*) זע וועגן דעם פּלעכאַנאָוו׳ס גלענצנדע אַרבעט „ע. רעקליו טעאָרעטיקער פון אַנאַרכיזם“.

**) וואָס פאַר אַ גרויסע ראָליע אָט די טעאָריע שפּילט אין דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, קען מען זען אין ק. קאַוטסקי׳ס בוך „די סאָ־ציאַלע רעוואָלוציע“.

איז ער געווען אי גוט אי פּראָגרעסיוו. האָט דער קאַפּיטאַליזם שוין היינט אָנגעוואָרן זיין נוצלאַכקייט ? איז ער שוין היינט שלעכט ? אַזוי קען מען די פראַגע ניט שטעלן, מיר מוזן פרעגן: פאַר וועמען איז דער קאַפּיטאַליזם שוין נוצלאָז און שלעכט ? פאַרן קאַפּיטאַליסט איז ער נאָך היינט אויך אי נוצלאַך, אי גוט, פאַרן פּראָלעטאַריער פאַרקערט, איז ער אי נוצלאָז אי שעדלאַך. פאַרן אומאָפּיסט — מעטאַפיזיקער איז מעגלאַך געווען צו ווענדן זיך מיט זיין אַפּיל פאַרן סאָציאַליזם צ ו אַ ל ע מ ע נ ט ש ן , מאַרקס און ענגעלס, די דיאַלעקטיקער האָבן שוין אַזוי ניט גע־קענט האַנדלען. פאַר זיי איז געשטאַנען די פראַגע, וועלכער קלאַס אין דער געזעלשאַפט איז פאַראינטערעסירט אויפצוהאַלטן דעם עקזיסטירנדיקן קאַפּיטאַליזם און וועלכער קלאַס איז פאַראינטערע־סירט אים צו באַקעמפן. די געשיכטע האָט אירע אייגענע געזעצן וועלכע מיר זיינען ניט בכח צו ענדערן, מוזן מיר אויסגעפינען וואָס זיינען די אָביעקטיווע טענדענצן פון דער געשיכטלאַכער אַנטוויק־לונג, אויב זיי פירן פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, דאַן האָט אונזער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם אַ ממשות, זיינען די טענדענצן פון דער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג קעגן אונז — איז אונזער קאַמף אַ פאַרשפּילטער.

2

אין דער פאָרעדע צו זיין בוך „צור קריטיק דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע" דערציילט מאַרקס ווי אַזוי ער איז ביסלאַכווייז געקו־מען צו דער פאָרמולירונג פון דער טעאָריע וואָס איז באַקאַנט אַלס היסטאָרישער מאַטעריאַליזם. „די אַלגעמיינע שלוסן צו וועל־כע איך בין געקומען" זאָגט דאָרט מאַרקס, — „און וועלכע האָבן דערנאָך כסדר געדינט אַלס וועגווייזער אין מיינע שטודיען, קענען בקיצור אויסגעדריקט ווערן אַזוי : אין דעם פּראָצעס פון דער געזעלשאַפטלאַכער פּראָדוקציע טרעטן מענטשן אריין אין באַ־שטימטע באַציאונגען וואָס זיינען אומפאַרמיידלאַך און אומאָפּהייג־גיק פון זייער ווילן". די פראַנצויזישע מאַטעריאַליסטן פון דעם

18טן י. ה. צו וועמעס אַלגעמיין פילאָסאָפישע מיינונגען מאַרקס האָט זיך אין דער צייט אַזוי שטאַרק דערנענטערט, זיינען אין זייער סאָציאַל פילאָסאָפיע דורכגעפאַלן, ווייל זיי האָבן ניט געקענט אַנטדעקן דעם כאַראַקטער און די געזעצן פון די סאָציאַלע באַציאונגען. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די אוטאָפיסטן. זיי האָבן די געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען געוואָלט דערקלערן אַלס רעזולטאַט פון מענטשלאַכע מיינונגען, און דאָס האָט זיי פאַרפירט צו די ווידערשפרוכן פון וועלכע זיי האָבן זיך ניט געקענט אַרויספּלאָנטערן. מאַרקס האָט אָבער גלייך זיך געשטעלט אַפן שטאַנדפונקט אַז די געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען זיינען אומאָפּהייגיק פון מענטשלאַכן ווילן; אַז מענטשן טרעטן אַריין צווישן זיך אין באַציאונגען וואָס זיינען אומפאַרמיידלאַך. מענטשן קלייבן ניט אויס באַוואוסטזיניק, לויט זייער ווילן, ניט די סאָציאַלע סביבה אין וועלכע זיי לעבן, ניט די סאָציאַלע באַציאונגען אין וועלכע זיי באַטייליקן זיך, און ניט אפילו זייערע מיינונגען און איבערצייגונגען. ווען דער אוטאָפיסט דערקלערט אַז מיר האָבן אַ שלעכטע געזעלשאַפט ווייל מענטשן האָבן ניט געהאַט קיין גענוג פאַרשטענדניס צו אָרגאַניזירן אַ בעסערע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג, ענטפערט דערויף מאַרקס, „ניין, דאָס איז אַ טעות, די געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג, די באַשטימטע געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען, זיינען אומאָפּהייגיק פון אונזער ווילן. געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונגען אַנטשטייען ניט ווייל מיר ווילן זיי, און גייען ניט אונטער ווייל מיר זיינען מיט זיי אומצופרידן. ניט דער באַוואוסטזיין באַשטימט דעם זיין, נאָר דער זיין דעם באַוואוסטזיין, ניט אונזערע מיינונגען באַשטימען אונזער סביבה, נאָר פאַרקערט, די סביבה באַשטימט אונזערע מיינונגען.

וואָס זשע זיינען דאָס פאַר אַ געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען וואָס מענטשן ווערן אין זיי אַריינגעצויגן אומאָפּהייגיק פון זייערע מיינונגען?

דאָס זיינען, ענטפערט מאַרקס, פּראָדוקציאָנס באַציאונגען. די דאָזיקע פּראָדוקציאָנס באַציאונגען זיינען אַלע מאָל אין איינקלאַנג מיט אַ באַשטימטער שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון די

מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס כחות וואָס די געזעלשאַפט פאַרמאָגט צוקריגנדיק נייע פּראָדוקציאָנס כחות ענדערן מענטשן דעם אופן פון זייער פּראָדוקציע, דאָס מיינט שוין אויך אַן ענדערונג אין דעם אופן ווי אַזוי זיי לעבן, עס ענדערן זיך די געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען, און דער גאַנצער געזעלשאַפטלאַכער לעבן באַקומט אַן אַנדער פּנים. „דער ווינטמיל גיט אייך אַ געזעלשאַפט מיט אַ פעאָדאַלן פּריץ, דער דאַמפּמיל — אַ געזעלשאַפט מיט אַן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליסט *). „דער אופן פון פּראָדוקציע . . . באַשטימט דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון די סאָציאַלע, פּאָליטישע און גייסטיקע פּראָצעסן פון לעבן".**)

די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט און פון די געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען, זיינען דער רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלאַכע פּראָדוקציאָנס כחות. אַט דער גרונט געדאַנק פון מאַרקסיזם ווערט זייער העפטיק באַקעמפט פון אַלע בורזשואַזע סאָציאָלאָגן. די וואָס האַלטן נאָך אין איין דערקלערן די עוואָלוציע פון דער געזעלשאַפט, און די ענדערונגען אין די פאָרמען פון דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן, דורכן ווילן פון גאָט. אָדער דורכן איינפלוס פון עפּעס אַמיסטעריעזער אַבסאָלוטער אידייע, אָדער גאָר אַ ביינקשאַפט נאָך פולקאָמענהייט — קענען מיר גאַנץ רואיק צורו לאָזן. גאָט אַזוי גוט ווי מיסטעריעזע „אידייען" וואָס מוזן אַלע מאָל פאַרבלייבן אַ סוד, קענען לויט זייער טבע ניט באַשעפטיקן דער וויסנשאַפטלאַכער סאָציאָלאָגיע, דאָס איז אַן עניין פאַר טעאָלאָגן. מיר מוזן זיך אָבער יע באַשעפטיקן מיט די סאָציאָלאָגן וואָס זוכן צו פאַרבייטן דעם „עקאָנאָמישן פאַקטאָר" מיט אַן אַנדערן רעאַלן כח. דער פּאָפּולערסטער געדאַנק איצט איז אַז די הויפּט ראָליע אין דער געזעלשאַפטלאַכער עוואָלוציע שפּילט דער געאָגראַפישער און קלימאַטישער פאַקטאָר. עס איז דאָך קלאָר אַז די פּראָדוקטיוויטעט פון אַ געזעלשאַפט, אַזוי גוט דער אופן פון דער פּראָדוקציע, איז זייער פיל אָפּהייננגיק פון דעם מין באָדן

---

*) „עלנט דער פילאָסאָפיע" ענגל. איבערזעצונג ז. 119.

**) צור קריטיק דער פּאָליט. עקאָנאָמיע, פאַרעדע.

אַף וועלכן די געזעלשאַפט לעבט, פון דעם קלימאַט, פון די טייכן, פון די נאַטירלאַכע אוצרות וואָס אַ לאַנד באַזיצט א. א. וו. דאָס האָבן מאַרקסיסטן נאַטירלאַך קיינמאָל ניט אָפּגעלייקנט. געוויס שפּילן די אַלע זאַכן אַ זייער באַדייטנדיקע ראָליע, אָבער דערקלערן אונז געשיכטע פון וועלכן עס איז לאַנד קענען זיי ניט. געאָגראַפישע און קלימאַטישע באַדינגונגען זיינען סטאַטיש לגבי דעם שנעלן טעמפּא פון דער געזעלשאַפטלאַכע עוואָלוציע. לאָמיר אנעמען אָט די טעאָריע און זיך פרעגן, ווי אַזוי קענען מיר זיך דערקלערן מיט איר הילף די אַמעריקאַנער געשיכטע. וואָס צ. ב. ש. האָט זיך געענדערט אין די געאָגראַפישע און קלימאַטישע באַדינגונגען פון אַמעריקע זינט פון בירגער קריג? אַבסאָלוט גאָרניט. אָבער דורך אָט דער צייט האָט זיך אַמעריקע גוואַלדיק געענדערט. אַן אַמעריקאַנער פון 18טן י. ה. וואָלט היינט זיין לאַנד און זיינע לאַנדסלייט פשוט ניט דערקענט. אפילו אַן אויבערפלאַכער שטודיום פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע באַווייזט אַז דער געזעלשאַפטלאַכער לעבן, אידעאַלן, ליטעראַטור און פילאָסאָפיע פון אַמעריקע, האָט זיך געענדערט צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון אירע פּראָדוקציאָנס כחות. נייע פּראָדוקציאָנס ווערקצייג, נייע מאַשינען, די אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער פאַבריק, דער נייער אופן פון פּראָדוצירן לעבנסמיטלען, האָבן פאַרענדערט דעם גאַנצן אַמעריקאַנעם לעבן, זיי האָבן גורם געווען די אַנטשטייאונג פון די גרויסע שטעט, מיט דער טיפּישער פּסיכאָלאָגיע פון דעם גרויסשטאָטיקן מענטשן, די אַנטוויקלונג פון די טרייד יוניאָנס, די פאַרשאַרפונג פון קלאַסן קאַמף, די אַנטשטייאונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — דאָס אַלץ האָט נאַטירלאַך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, קונסט און פילאָסאָפיע.*) אַלץ האָט

*) ווי אַזוי די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון אַמעריקע האָט געווירקט אַף דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, קען דער לעזער זען אין מר. וו. פ. קאַלווערטאָנס אויסגעצייכנטן בוך „דהי נייוער ספּיריט“ (דער נייערער גייסט“). קאַלווערטאַנס בוך איז בכלל אַ זייער וויכטיגער בייטראַג צו דער מאַרקסיסטישער אינטערפּרעטאַציע פון קונסט.

זיך פאַר דער צייט געענדערט אויסער די געאָגראַפישע און קלי־מאַטישע באַדינגונגען פון לאַנד.

די אַנטוויקלונג פון פּראָדוקציאָנס כחות פאַראורזאַכן אַלע ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפטלאַכן זיין און דיינקען. גוט, זאָגט מען אונז, אָבער אָט די נייע פּראָדוקציאָנס כחות, נייע ווערק־צייג, מאַשינען, אופנים פון ארבעט, דאָס מוז דאָך פון אַ מענטשן דערפונדן ווערן אַ מענטשלאַכער מח מוז דאָך זיי פריער אויס־טראַכטן, קומט דאָך אויס אַז סוף כל סוף איז פאַרט דאָס דיינקען די לעצטע אורזאַכע פון דער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג. דאָס איז אָבער פאַלש. אַז דאָס דיינקען שפּילט אַ גוואַלדיקע ראָליע אין דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט פאַלט קיין מאַרקסיסט נאַטירלאַך ניט איין אָפּצולייקענען. עס איז אָבער קלאָר היינט ניט בלויז פאַר מאַרקסיסטן, נאָר פאַר די אַלע בכלל וואָס שטייען אָפן שטאַנדפּונקט פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, אַז דאָס דיינ־קען פון מענטשן איז ניט קיין צופעליקע כאַאָטישע דערשיינונג. נאָר אַ רעגולירטע און דעטערמינירטע, דורך די געזעלשאַפטלאַכע באַדינגונגען און נויטן. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס גראַד אין אונזער צייט איז אַ מענטשן איינגעפאַלן די אידייע פון אַ נייער מאַשין, אָדער וועלכע עס איז אַנדער נייע דערפינדונג. די געשיכטע פון דערפינדונגען לערנט אונז אַז קיין איין דערפינדונג איז ניט געמאַכט געוואָרן, סיידן עס איז פריער אַנטשטאַנען אין דער געזעלשאַפט אַ נאָכפראַגע אויף איר. אַזאַ נאָכפראַגע איז נאַטירלאַך אַלע מאָל דער רעזולטאַט פון געוויסע עקאָנאָמישע נויטן פון דער געזעלשאַפט. נאָך מער, עס איז קלאָר אַז כדי אַ דערפינדער זאָל זיין דערפינדונג מאַכן מוז ער זיך באַנוצן מיט די שוין עק־זיסטירנדיקע סאָציאַלע פּראָדוקציאָנס כחות. דער דערפינדער אַליין מוז האָבן אַ קלאָרן באַגריף ווי אַזוי זיין דערפינדונג וועט אויסגע־נוצט ווערן, וואָס פאַר אַ פּלאַץ עס וועט פאַרנעמען אין דער גע־זעלשאַפטלאַכער פּראָדוקציע. דזשאָן דואי, ריידנדיק וועגן דער פינדונג דערקלערט: „. . . מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אר־בעטס קונסט . . . ווערט אַלץ מער און מער פאַרגרעסערט דער סכום פון פּאָזיטיוון וויסן . . . . אָט דער מין טעכנאָלאָגיע גיט אונז

אָט דעם שכל הישרדיקן פאַרשטענדניס פון דער נאַטור פון וועלכן עס אַנטשטייט די וויסנשאַפט. זיי (ד. ה. די וואָס פּראָדוצירן) גיבן אונז ניט בלויז אַ זאַמלונג פון פּאָזיטיווע פאַקטן, נאָר אויך די געאיבטע דערפאַרונג ווי צו באַגיין זיך מיט מאַטעריאַלן און געצייג, און העלפן דער אַנטוויקלונג פון די עקספּערימענטאַלע געוואוינהייטן פון אונזער דיינקען" *) דער מענטשלאַכער מח, איז דער פּראָדוקט פון אַ לאַנגן און פּיינלאַכן פּראָצעס פון סאָציאַלער אַנטוויקלונג. אַז אָן אַ געזעלשאַפטלאַכן צוזאַמענלעבן איז ניט דיינקבאַר קיין דיינקענדיקער מענטש איז שוין היינט אַזאַ א. ב. אמת אַז עס לוינט זיך דערויף לאַנג ניט אָפּשטעלן**), די סאָציאַלע פּסיכאָלאָגיע הויבט אָבער שוין איצט אָן און מער צו קומען צו דעם אַלטן מאַרקסיסטישן געדאַנק, אַז ניט בלויז איז דער עצם דיינקען אַ פּראָדוקט פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, נאָר אַז דער אינהאַלט פון מענטשלאַכן דיינקען ווערט דעטערמינירט אין יעדער באַזונדערער צייט פון די ספּעציעלע געזעלשאַפטלאַכע נויטן, פון די ספּעציעלע צייט־פּראָבלעמען, וואָס וואַקסן ארויס אפן באָדן פון די עקאָנאָמישע קאָנפליקטן וואָס קומען אין דער געזעלשאַפט פאָר. דער מענטשלאַכער געדאַנק שטייט ניט אַף איין אָרט, ווי אַלץ אין דער וועלט, האַלטן זיך אויך מענטשלאַכע מיינונגען און איבערצייגונגען אין איין ענדערן. אידייען אַנטשטייען, אַנטוויקלען זיך, באַאיינפלוסן דעם לעבן אין שטאַרבן, נייע אידייען און נייע איבערצייגונגען פאַרנעמען זייער פּלאַץ. פּרואוון דערקלערן די געזעלשאַפטלאַכע ענדערונגען דורך אידייען מיינט פּשוט זיך ארויסדרייען פון דער פראַגע, ווייל די עוואָלוציע פון די אידייען גופא מוז דערקלערט ווערן. „איז דען שווער צו פאַרשטיין" ווערט געזאָגט אין דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט, „אַז ווען עס ענדערן זיך די לעבנס באַדינגונגען פון די מענטשן, זייערע געזעלשאַפטלאַכע באַציאונגען, זייער געזעלשאַפטלאַכע עקזיסטענץ, ענדערן זיך אויך זייערע פאָרשטעלונגען, זייערע אנשויאונגען — מיט איין וואָרט זייער גאַנצער באַוואוסטזיין ?

*) J. Dewey, Recinstruction of Philosophy, p. 12.
**) E. Hayes, Sociology and Ethics.

„וואָס באַווייזט דען די געשיכטע פון אידייען, אויב ניט דעם פאַקט אַז די גייסטיקע טעטיקייט ווערט פאַרענדערט צוזאַמען מיט דער מאַטעריעלער ? די הערשנדע אידייען פון יעדער צייט זיינען אַלע מאָל געווען בלויז די אידייען פון דעם הערשנדן קלאַס.

„מ'רעט אָפט וועגן אידייען וואָס רעוואָלוציאָניזירן די גאַנצע געזעלשאַפט. דערמיט אָבער ווערט אָנגעוויזן בלויז דער פאַקט אַז אין דער אַלטער געזעלשאַפט זיינען אַנטשטאַנען די עלעמענטן פון אַ נייער, און אַז גלייכצייטיק מיטן אונטערגאַנג פון דער אַלטער געזעלשאַפט, גייען אויך אונטער די אַלטע אידייען".

עס פאַרשטייט זיך אַז עס איז מעגלאַך דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם פונקט ווי יעדער אַנדער טעאָריע, אַזוי מגזם זיין, אַז עס זאָל דערפירט ווערן צום אַבסורד. דער מאַרקסיזם איז אַ סאָציאַל־פילאָזאָפישע סיסטעם. ווען איינער נעמט זיך צ. ב. ש. דערקלערן דעם כאַראַקטער אָדער טעטיקייט פון אַ יחיד, דורך זיינע פּערזענלאַכע עקאָנאָמישע אינטערעסן, אָדער בכלל באַטראַכטן יעדער באַזונדערן יחיד פון אַן „עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט" — פאַרשטייט ער ניט די נשמה פון מאַרקסיזם. קעגן אַזעלכע איבערטרייבונגען האָט נאָך ענגעלס מיט יאָרן צוריק פּראָטעסטירט. אין אַ בריף צו קאָנראַד שמיט, דאַטירט דעם 21טן סעפּטעמבער 1890, שרייבט ער. „לויט דער מאַטעריאַליסטישער אויפפאַסונג אַף דער געשיכטע איז דער באַשטימענדיקער מאָמענט אין דער געשיכטע, אין דער לעצטער אינסטאַנץ, די פּראָדוקציע און רעפּראָדוקציע פון ווירקלאַכן לעבן. מער ווי דאָס האָבן ניט באַהויפּטעט ניט מאַרקס און ניט איך. אויב עמיצער וויל אָט דעם געדאַנק ענדערן און שאַפן דעם איינדרוק אַז דער עקאָנאָמישער מאָמענט איז דער איינציקער באַשטימענדיקער, פאַרוואַנדלט ער אונזער מיינונג אין אַ גאָר נישט זאָגנדיקער, אַבסטראַקטער און אַבסורדער פראַזע. די עקאָנאָמישע באַדינגונגען זיינען דער באַזיס, אָבער די פאַרשיידענע מאָמענטן פון דעם איבערבוי, די פּאָליטישע פאָרמען פון קלאַסן קאַמף און די רעזולטאַטן דערפון, די אַנשויאונגען צו וועלכע עס קומט דער זיגרייכער קלאַס נאָך זיין זיג א. א. וו. די רעכטלאַכע פאָרמען, אפילו די אָפּשפּיגלונג פון אָט די ווירקלאַכע קאָנ־

פליקטן אין דעם מארך פון די וואס באטייליקן זיך אין זיי, די פא־ליטישע, יורידישע און פילאסאפישע טעאריעו, רעליגיעזע אנשויונ־גען אן זייערע ווייטערע אנטוויקלונגען און דאגמאטישע סיסטע־מען — דאס אלץ ווירקט אפן גאנג פון געזעלשאפטלאכן קאמף, און אין א סך פאלן, זיינען זיי דער באשטימענדער פאקטאר פון זיין פארמע".*)

דער מארקסיזם לייקנט ניט אפ די ראליע פון אידייען, פונקט ווי ער לייקנט ניט אפ די ראליע וואס דער באוואוסטזיניקער יחיד שפילט אין דעם געזעלשאפטלאכן לעבן. ער ד ע ר ק ל ע ר ט זיי אבער אין זייער היסטארישער אנטוויקלונג, אלס רעזולטאט פון די עקאנאמישע צושטאנדן פון דער געזעלשאפט.

3

נאך פיל פריער איידער דער מארקסיזם איז אנשטאנען האט אנגעהויבן פאר היסטאריקער און סאציאלאגן קלאר ווערן דער אמת אז די געזעלשאפט איז צעטיילט אין קלאסן, און אז דער קאמף פאר קלאסן אינטערעסן שפילט א זייער גרויסע ראליע אין דער געזעלשאפטלאכער אנטוויקלונג. „שוין די אלטע גריכישע מחברים", זאגט ה. קונאוו, „פון די צייטן פון סאלאן אן זעען אין די אינערלאכע קאמפן פון דער גריכישער רעפובליק, א קאמף פון פארשיידענע שיכטן (קלאסן) און די פראגן ווי אזוי צו איינצואָרד־נען די מאכט פארהעלטענישן פון די דאזיקע שיכטן" . . . **) די עקזיסטענץ פון קלאסן איז אלע מאל באוואוסט געווען, אבער בלויז אין זעלטענע פאלן האט ווער עס איז געזען די גוואלדיקע בא־דייטונג פון קלאסן קאמף. ערשט די דערפארונגען פון דער פראנ־

*) ציטירט אין פראפ. ר. זעליגמאנס „עקאנאמיק אינטערפרע־טיישאן אוו היסטארי".

**) הענריך קונא — „די מארקסיסטישע געשיכטס־געזעלשאפט און שטאטס טעאריע", באנד 2, צווייטער קאפיטל — אויך פלעכאנאוום „ק'וואפראסו" עטצ. דער קאפיטל „די פראנצויזישע היסטאריקער פון דער צייט פון דער רעסטאוראציע".

צוויזישער רעוואָלוציע, די אַנטוויקלונג פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד און דער אָנהויב פון דער אַרבעטער באַ־וועגונג בכלל, האָבן מעגלאַך געמאַכט פאַר מאַרקסן און ענגעלסן ריכטיק אָפּשאַצן די ראָליע פון קלאַסן און קלאַסן־קאַמף אין דער געזעלשאַפטלאַכער עוואָלוציע, און אויך זיי וואָלטן אפשר דאָס ניט געקענט זען ווען זיי זאָלן ניט געווען האָבן פאַר זיך זייער נייע מעטאָדע פון היסטאָרישער פאָרשונג — דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם.

די בעסטע פאָרמולירונג פון דער מאַרקסיסטישער קלאַסן־קאַמף טעאָריע איז געגעבן געוואָרן אין דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט. „די געשיכטע פון אַלע ביז איצט עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטן איז אַ געשיכטע פון קלאַסן קאַמפן". די געזעלשאַפט איז אַלע מאָל געווען און איז איצט, צוטיילט אין קלאַסן. ווען מיר זאָגן אַז דער מענטשלאַכער באַוואוסטזיין איז דער רעזולטאַט פון זיין גע־זעלשאַפטלאַכער סביבה, מוזן מיר האָבן אין זינען אַז דער מענטש, ד. ה. דער יחיד איז ניט בלויז אַ מיטגליד פון אַ געזעלשאַפט. נאָר אויך איבערהויפּט, אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטן קלאַס אין דער געזעלשאַפט. דער באַוואוסטזיין פון דעם יחיד, ווערט ניט אַזוי פיל באַווירקט פון דער אַלגעמיינער סביבה ווי פון זיין קלאַסן סביבה. יעדער דיינקער איז אַ מיטגליד פון אַ געוויסן קלאַס. אין דער פילאָסאָפיע, אין דער קונסט, אין דער גייסטיקער טעטי־קייט פון מענטשן בכלל ווערן דירעקט אָדער אומדירעקט אויסגע־דריקט די אידעאַלן, בייגקונגען און אַספּיראַציעס פון אַ וועלכן עס איז קלאַס. מיר זיינען דעריבער באַרעכטיקט צו ריידן וועגן קלאַסן פילאָסאָפיע, קלאַסן אידעאָלאָגיע און קלאַסן פּסיכאָלאָגיע. אַ בורזשואַזער אינטעליגענט, אַן איידעלער געבילדעטער זון פון אַ קאַפּיטאַליסט, קען זיך באמת נעמען צום הארצן די פּריידלאָ־זיקייט און מיאוסקייט פון אַרבעטערס לעבן, ער קען באמת מיטן גאַנצן הארצן וועלן פאַרבעסערן די לאַגע פון די אָרימע — אָבער ער קען בשום אופן ניט איינזען וואָס ער קען טאָן מער ווי געבן צדקה, אָדער העלפן דורכפירן אַ פּאַר אַרבעטער פרייינדלאַכע גע־זעצן. ער איז אפילו זיכער אַז סאָציאַליזם וואָלט זיין די בעסטע

זאַך, אָבער — ס׳איז אַן אוטאָפּיע, ס׳איז אונמעגלאַך. ער איז נאַטירלאַך אינטעלעקטועל ניט הינטערשטעליק קעגן יעדן אינטע־ליגענטן סאָציאַליסט, ער איז זיכער מער אַנטוויקלט, מער קאָמ־פּעטענט צו פאַרשטיין דעם סאָציאַליזם, ווי דער דורכשניטלאַכער אַרבעטער, פונדעסטוועגן קען ער ניט באַגרייפן די מעגלאַכקייטן פון רעאַליזירן דעם סאָציאַליזם, אין דער צייט ווען פאַר דעם אַרבעטער איז דאָס זייער אַ קלאָרע זאַך. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? גאַנץ פּשוט. ער איז פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ניט פאַרבאַרייטעט דאָס צו פאַרשטיין. זיינע לעבנס באַדינגונגען, זיין דערציאונג, זיי־נע געזעלשאַפטלאַכע אינטערעסן, זיין וועלט און לעבנס אנשייאונג, זיינע געוואוינהייטן, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אונטערן דרוק פון דער ספּעציעלער קלאַסן סביבה אין וועלכער ער איז אויפגעוואַקסן, האָבן אין אים אַנטוויקלט אַן אינדיווידואַליסטישע פּסיכאָלאָגיע. סאָציאַליזם, אפילו אַלס אידייע איז להיפוך צו זיין גאַנצן אופן פון דיינקען*). גאַנץ אַנדערש אָבער איז דאָס מיט אַן אַרבעטער. זיין פּסיכאָלאָגיע איז גוויסיקערווייזע אַ קאָלעקטי־וויסטישע. אין דער פאַבריק וואו ער אַרבעט האָט ער צענדליקע, אָפט הונדערטער, חברים וואָס אַרבעטן מיט אים צוזאַמען, ליידן פון די זעלבע צרות, האָבן די זעלבע אינטערעסן ,די זעלבע פריינט און שונאים; אין דער פאַבריק זעט ער מיט זיינע אייגענע אויגן דעם ליגן פון פּריוואַט אייגנטום, דער קאָלעקטיוון כאַראַקטער פון דעם פּראָדוקציאָנס פּראָצעס. ווען איר רעט צו אים וועגן סאָ־ציאַליזם, איז מעגלאַך ער זאָל דאָס ניט קלאָר פאַרשטיין, ער דערפילט אָבער דעם אמת דערפון. די פאַבריק און זיין טרייד יונ־יאָן האָבן אים דערצו צוגעגרייט, ווייל „ניט דער באוואוסטזיין באַ־שטימט דעם זיין, נאָר דער געזעלשאַפטלאַכער זיין באַשטימט דעם באַוואוסטזיין".

---

*) עס זיינען נאַטירלאַך פאַראַן אויסנאַמען, אָבער הינטער די אַלע אויסנאַמען קען מען געפאַנען זייער וויכטיקע ספּעציעלע אורזאַכן. אואַסגעפינען אַט די אורזאַכן איז די אויפגאַבע פון דער אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע.

עס מוז אָבער שטענדיק געמאַכט ווערן אַן אונטערשייד צווישן קלאַסן אינטערעסן און קלאַסן פּסיכאָלאָגיע. דער חסרון פון דעם „פּאָפּולערן" אָדער ווי קונאוו רופט אים אַן — דעם „וואולגאַרן" מאַרקסיזם, איז, וואָס ער מישט אָט די צוויי באַזונדערע זאַכן צוזאַמען. קלאַסן אינטערעסן און קלאַסן פּסיכאָלאָגיע גייען ניט אַלע מאָל האַנט אין האַנט. די קלאַסן אינטערעסן שפּילן נאַטיר־לאַך אַ גרויסע ראָליע, אָבער בלויז דורך דער שאַפונג פון אַ קלאַסן פּסיכאָלאָגיע. ערשט ווען די קלאַסן אינטערעסן ווערן פאַרוואַנדלט אין דעם מענטשלאַכן מח און אידייען אין אידעאַלן, ווערן זיי מאָטיוון פאַר מענטשלאַכע האַנדלונגען. מיר גלויבן אַלע צ. ב. ש. אַז דער סאָציאַליזם איז אין די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער קלאַס, גלויבט אָבער עמיצער פון אונז אַז די טויזנטער סאָציאַליסטן וואָס האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס פאַרן סאָציאַליזם האָבן דאָס געטאָן ווייל עס איז אין זייערע קלאַסן אינטערעסן ? זיכער ניט, אַ סך פון זיי, ווי די ס.ר'ן צ. ב. ש. זיינען קיין מאַרקסיסטן ניט געווען, האָבן דעם קלאַסן קאַמף פאַרלייקנט, און אַפילו דער יחיד, דער מאַרקסיסט, ווען ער איז זיך מקריב פאַר זיין אי־דעאַל, טוט ער דאָס ווייל ער טראַכט דאַן וועגן זיינע קלאַסן אינ־טערעסן ? זיכער ניט. דער סאָציאַליזם איז אין די אינטערעסן פון דעם אַרבעטער קלאַס, ער איז אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיקייט — אָבער פאַרן יחיד איז דאָס אַן אידעאַל, אַן אידעאַל ניט בלויז אַן עקאָנאָמישער, נאָר אַ גייסטיקער, אַן אידעאַל פון ניט בלויז פון אַ נייער געזעלשאַפט, נאָר פון אַ נייער שענערער מענטשהייט, פון אַ נייער שענערער קולטור ; אַן אידעאַל וואָס איז אַזוי שיין און אמת, אַז עס לוינט זיך מקריב צו זיין פאַר אים דאָס לעבן. פאַר יעדן סאָציאַליסט באַזונדער איז דער סאָציאַליזם אַ ריין סוביעקטיווער אידעאַל. מאַרקסיסטן פאַרשטייען דאָס זייער גוט, זיי פאַרשטייען אָבער אויך, אַז די באַהאַלטענע מאָטיוון פון אָט דעם אידעאַליזם, די באַהאַלטענע אמת'ע אורזאַכן, זיינען עקאָ־נאָמישע קלאַסן אינטערעסן, וואָס זיינען אין דעם מאַרך פון דעם יחיד טראַנספאָרמירט געוואָרן אין שיינע אידעאַלן. ניט דירעק־טע קלאַסן אינטערעסן פון יעדן יחיד דעטערמענירן זיין אויפירונג,

נאָר די פּסיכאָלאָגיע פון זיין קלאַס, וואָס איז דער רעזולטאַט פון די אינטערעסן פון דעם גאַנצן קלאַס. אַ יחיד קען דורכגע־דרונגען ווערן מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון זיין קלאַס אפילו דאַן, ווען דאָס איז להיפּוך צו זיינע אייגענע אינטערעסן.

די נייע פּסיכאָלאָגיע, איבערהויפּט די פּסיכאָ־אַנאַליטישע שולע גרייסט זיך זייער מיט איר אַנטדעקונג אַז הינטער באַוואוסט־זיניקע מענטשלאַכע האַנדלונגען, שטייען אומבאַוואוסטזיניקע באַ־האַלטענע מאָטיוון. איין פּרווידיאַנער איז אפילו געגאַנגען אַזוי ווייט אַז ער האָט דערקלערט אַז ווען פון פּרוידס לערע זאָל קיין זאַך ניט פאַרבלייבן אויסער דער קאָנצעפּציע פון אומבאַוואסטזיין, וואָלט דאָס זיין גענוג פאַר אים צו פאַרבלייבן צווישן די גרויסע אומשטערבלאַכע בענעפאַקטאָרס פון דער מענשהייט. באמת איז פּרויד ניט געווען דער ערשטער צו באַנוצן זיך מיט אָט דעם גע־דאַנק, די ערשטע אַנווענדן אין דער פּראַקטיק אָט דעם געדאַנק, אין דער סאָציאַל פּסיכאָלאָגיע זיינען געווען מאַרקס און ענגעלס. עס איז אמת, זיי האָבן קיינמאָל וועגן פּסיכאָלאָגיע ניט געשריבן, האָבן דאָס וואָרט „אונטער — אָדער אומבאַוואוסטזיין" קיינמאָל ניט דערמאָנט, זיי זיינען געווען סאָציאָל־פילאָסאָפן, און פּסיכאָ־לאָגיע אַלס באַזונדערע צווייג פון דער וויסנשאַפט, איז נאָך אין זייער צייט כמעט ווי ניט געווען. פונדעסטוועגן שפּילט אָבער די קאָנצעפּציע פון די אומבאַוואוסטע מאָטיוון זייער אַ גרויסע ראָ־ליע אין מאַרקסיזם.

די מאַטעריעלע קלאַסן אינטערעסן דעטערמינירן דער פּסיכאָ־לאָגיע פון דעם קלאַס אָבער ניט דער קלאַס און ניט די יחידים וואָס שטעלן אים צוזאַמען, ווייסן דערפון, דער מאַרקסיזם איז די ערשטע פּראָבע ארויסצוברייינגען אין דער עפנטלאַכקייט די באַהאַלטענע מאָטיוון וואָס שאַפן די באַזונדערע קלאַסן פּסיכאָלאָגיעס. ווען דער מאַרקסיסט דערקלערט צ. ב. ש. אַז אַלע רעליגיעזע מלחמות מיט וועלכע די געשיכטע איז אַזוי רייך זיינען באמת געווען מלחמות פאַר באַשטימטע קלאַסן אינטערעסן, מיינט ער ניט אַז די וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די דאָזיקע מלחמות האָבן באַוואוסטזי־ניק געזאָגט ליגנס. פאַרקערט, עס איז זיכער אַז די יחידים וואָס

האָבן זיך אין אָט די מלחמות באַטייליקט האָבן אָן ספק זיך מקריב געווען פאַר זייער גלויבן, פונדעסטוועגן קען דערנאָך דער היסטאָריקער באַווייזן, אַז הינטער אָט די גלויבנס, זיינען געשטאַנען מאַטעריעלע קלאַסן אינטערעסן, ווייל מענטשן זיינען זיך זייער זעלטן באַוואוסט וועגן די אמתע מאָטיוון פון זייערע האַנדלונגען.

סאָציאַליסטישע אוטאָפּיעס זיינען אַלע מאָל געווען, פאַר וואָס זשע האָבן די אַרבעטער זיי ניט אויפגענומען ? עס איז זיכער אַלע מאָל געווען אין די אינטערעסן פון די אָרימע און אונטערדריקטע אָפּצושאַפן אָרימקייט און אונטערדריקונג. דער ענטפער איז אַ גאַנץ פּשוטער. דער סאָציאַליזם איז נאָך דאַמאָלסט אוממעגלאַך געווען. די פּראָדוקציאָנס באַדינגונגען זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען ניט מסוגל געווען צו שאַפן בא די אָרימע און אונטערדריקטע די קאָלעקטיוויסטישע פּסיכאָלאָגיע וואָס מאַכט מעגלאַך אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

ווען מיר ליגן איצט אונזערע האָפנונגען אַף דעם וואַקסנדיקן קלאַסן באַוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט, מיינען מיר בלויז צו זאָגן, אַז די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון אונזער צייט זיינען אַזעלכע, אַז זיי מוזן שאַפן בא די אַרבעטער אָט דעם פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד, ווען דער סאָציאַליזם צווינגט זיך פּשוט אַף זיי אַרויף.

דאָס איז דער צושטאַנד ווען די קלאַסן אינטערעסן און די קלאַסן פּסיכאָלאָגיע פאַלן צוזאַמען. די מאָדערנע פאַבריק, די גרויסע קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל, דער וואַקסנדיקער אימפּעריאַליזם פאַראורזאַכט אַן אַלגעמיינע דעמאָראַליזאַציע פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, און אַנטוויקלט בא דעם אַרבעטער זיין קלאַסן באַוואוסטזיין וואָס דריקט זיך אויס אין זיין ווילן צום סאָציאַליזם.

# פילאָסאָפיע און געזעלשאַפט

## 1

אין זיין ביכל „בערגסאָן און דערציאונג“ באַקלאָגט זיך הער אליוו א. וויהלער אויף דעם שלעכטן מזל וואָס די פילאָסאָפיע האָט געבאַט. „די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע אין דער פאַר־גאַנגענהייט“ — זאָגט מר. וויהלער, דעקט פאַר אונז אויף דעם גוואַלדיקן חילוק צווישן איר און דער וויסנשאַפט. די מאָדערנע וויסנשאַפטן האָבן זיך אַנטוויקלט בסדר, כמעט אומאונטערבראָכן פאַר די לעצטע צוויי הונדערט יאָר . . . יעדער נייקומער האָט גלייך געקענט איבערנעמען די פאַרטיקע רעזולטאַטן פון זיינע פאָרלויפער און בויענדיק אַף זיי, עפּעס אליין מוסיף זיין . . . אין דער פילאָסאָפיע אָבער האָבן מיר אָנשטאָט א כסדר'דיקן פּראָ־גרעס, אַן אייביקן אומקערן זיך צום אור קוואַל; כמעט יעדער פילאָסאָף געפינט פאַר נויטיק קודם כל צו קריטיקירן די יסודות פון אלע פריערדיקע, צו צושטערן זייערע שלוסן, און אליין אָנהויבן פון דאָס ניי“.

מר. וויהלער איז ניט דער איינציקער וואָס האָט אָט די טענה צו דער פילאָסאָפיע, און זיכער איז ער ניט דער ערשטער און מסתמא אויך ניט דער לעצטער. פאַרקערט, אָט דער פּעסי־מיסטישער בליק אַף דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע איז אַלט, זייער אַלט; זייער אָפט ווערט ער איבערגעחזרט. גראַדע אירע הייסע פריינט האָבן ליב זייער אָפט צו באַקלאָגן איר שלעכטן מזל. צו ערנסט מוז מען אָבער דע מדאַזיקן קלאָגן ניט נעמען, ווייל מערסטנס ענדיקן זיך די קלאָג־לידער מיט א „נחמו ניגון“.

די פילאָסאָפיע ביז איצט איז טאַקע געווען בלויז א געשיכטע פון טעות'ן, אָבער איצט איז ענדלאַך געקומען דער גאָט־געבענטש־

טער (דאָ קומט אַ נאָמען פון אַ רבין וואָס איז טייער דעם חסיד.) און ער האָט ענדלאַך געלייזט צופרידנשטעלנד אַט די אַלע פּראָבלע־מען איבער וועלכע אַלע פילאָסאָפן פון טהאלעס פון מילא ביז אונזערע טעג האָבן זיך געבראָכן די מוחות . . . און דורכגעפאַלן. אַט די איבערגעבענע תלמידים פון דעם אָדער יענעם פילאָסאָף באַמערקן גאָרניט אין זייערע התלהבות, אַז זיי גייען אין זייער אַנערקענונג פון זייער רבין אַזוי ווייט, אַז זיי גיבן פּשוט אַרויס אַ טויט אורטייל דער פילאָסאָפיע בכלל. אויב זייער „רבי" האָט געלייזט אַ ל ע פּראָבלעמען, און . . . אויפגעדעקט אַלע סודות איז פאַר דער פילאָסאָפיע, אַלס זאַך אַן און פאַר זיך, מער ניט פאַרבליבן קיין עקזיסטענץ באַרעכטיגונג. פון איצט און ווייטער קענען אין דער פילאָסאָפיע זיין בלויז חסידים, אין בעסטן פאַל, תלמידים, וואָס וועלן פּאָפּולאַריזירן און פאַרטיידיקן, אפשר אויך אויסברייטערן און אָנווענדן דער רבינ׳ס תורה, אָבער קיין נייע רביים, און נאַטירלאַך, קיין נייע תורות — זיינען שוין ניט מעג־לאַך.

די געשיכטע פון פילאָסאָפיע איז פאַרענדיקט. דאָס וואָלט זיין זייער טרויעריק ווען דאָס זאָל זיין אמת, אָדער ווען עס זאָל אפילו מעגלאַך זיין אַז אַזאַ זאַך זאָל קענען „אמת ווערן" אין דער צוקונפט. צום גליק אָבער איז דאָס אינגאַנצן אַ פאַלשער בליק.

די אויפגאַבע פון „אַנטדעקן פילאָסאָפישע אמתן" פון אויסגעפינען „ענדלאַכע אמתן" פון „לייזן אַלע פּראָבלעמען" פון שאַפן אַזאַ פילאָסאָפיע „וואָס זאָל מיט זיך פאַרענדיקן די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע בכלל" איז שוין אַזוי פיל מאָל אויסגעפּרואווט געוואָרן; אַזוי אָפט האָט מען שוין דערקלערט די אָדער יענע פילאָסאָפיע, פאַר „דער לעצטער", און אַזוי אָפט האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, אַז די „לעצטע" פילאָסאָפיע איז פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַ קינד פון איר צייט, געבאָרן און פאַרשוואונדן מיט איר צייט, אַז מיר מעגן גאַנץ רואיק זיין. די געשיכטע פון דער פי־לאָסאָפיע וועט זיך ניט ענדיקן פריער ווי די געשיכטע פון דעם באַוואוסטזיניקן, דיינקנדן מענטשן.

די פּראָבלעם אָבער וועגן דעם שלעכטן „מזל פון דער פילאָ־סאָפיע“ איז וויכטיק אַן און פאַר זיך. אויב מיר האָבן גאָר קיין שום האָפנונג ניט אַז אַ וועלכער עס איז פילאָסאָף וועט וועגן עס איז באמת לייזן אָט די אַלע „פאַרפלוכטע פּראָבלעמען“ מיט וועלכע די פילאָסאָפיע באַשעפטיקט זיך, הייסט דאָס דען ניט אַז די פילאָ־סאָפיע בכלל איז ווערטלאָז, אַ מין גייסטיקער שפּיל פאַר מענטשן וואָס וואַרפן אומזיסט אַוועק זייער צייט און אַרבעט? אויף אָט די פראַגע איז שוין ניט איינמאָל געפרעגט געוואָרן. די מיינונג אַז פילאָסאָפיע קען לויט איר טבע אונז אין ערגעץ ניט ברענגען, אַז דאָס איז אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט, איז זייער אָפט אויסגעדריקט געוואָרן פון די אַזוי גערופענע „שונאים פון דער מעטאַפיזיק“.

צווישן וויסנשאַפטלייט און געלערנטע זיינען פאַראַן אַ שיין ביסל, וועלכע האָבן געפּרוווט לייזן זייערע פילאָסאָפישע פּראָבלע־מען אין דער לאַבאָראַטאָריע, זייער ערפאָלג איז אָבער געווען אַ נישטיקער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער גרויסער וויסנשאַפטס מאַן, מיט די אַלע וואונדערבאַרע טעכנישע מיטלען וואָס ער באַזיצט, איז הילפלאָז ווען ער קומט פּנים אל פּנים מיט ריין פילאָסאָפישע פּראָבלעמען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין דער לאַבאָראַטאָריע קענען בשום אופן ניט געלייזט ווערן די פּראָבלעמען למשל, פון „גאָט“, פון „אמת“, פון „שיינקייט“, פון „שיין אוןווירקלאַכקייט“ און אַנדערע. נאָך מער, אַזוי שנעל ווי דער וויסנשאַפטמאַן האָט זיך גענומען צו פילאָסאָפיע האָט ער, אָפט אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, אויפגעהערט זיין אַ וויסנשאַפטמאַן. אונטער די בעסטע אומשטענדן קען אונז זיך די וויסנשאַפט געבן בלויז באַשרייבונגען ווי אַזוי זאַכן זיינען. אָבער בשום אופן ניט, פאַר וואָס זיי זיינען.

די וויסנשאַפט קען דערקלערן דאָס זיין אָבער ניט דאָס ווערן. אָבער די פילאָסאָפיע וויל איבערהויפּט געפינען די אורזאַכן פאַר וואָס זאַכן זיינען, פאַר וואָס זיינען זיי אַזוי און ניט אַנדערש, פון וואַנען נעמען זיי זיך. דער „פאַרוואָס“ איז פאַרן פילאָסאָף וויכטיקער ווי דער „ווי אַזוי“. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז די וויסנשאַפטסלייט וואָס האָבן זיך

באשעפטיקט מיט ריין פילאסאפישע פראגן זאלן אדער פארלאזן דעם קלארן וועג פון עקספערימענטאלער וויסנשאפט און ווערן מעטאפיזיקער און מיסטיקער, אדער אויפגעבן אלע האפנונגען אז די פילאסאפיע זאל אמאל קענען עפעס ממשות'דיקעס דערגרייכן. די פילאסאפן זיינען אבער דערוויל אנגעגאנגען מיט זייער ארבעט. ניט רעכענענדיק זיך מיטן טויט אורטייל וואס די וויסנשאפטסלייט האבן זיי ארויסגעגעבן, האבן זיי פארטגעזעצט זייער ארבעט, געשריבן ביכער, ספעקולירט, אויסגעפרואווט נייע מעטאדן, אנטדעקט און ווידער אנטדעקט „ענדלאכע אמת'ן", „אבסאלוטע ווערטן" — אוועקגעווארפן זיי און זיך גענומען אנטדעקן פון דאס ניי. און אזוי אן סוף.

אן אויבערפלעכלאכער לעזער פון דער געשיכטע פון פילאסאפיע מוז באמת ארויסטראגן דעם איינדרוק אז דאס איז בלויז א געשיכטע פון טעות'ן. אומדערקלערלאך איז נאר ווי אזוי קומט דאס וואס קלוגע און געלערנטע, אפט געניאלע מענטשן זאלן אפגעבן זייערע גאנצע לעבנס צו פארנעמען זיך מיט אט די טעות'ן און שאפן נייע. באמת זיינען די פראבלעמען פון דער פילאסאפיע פון אונזער צייט כמעט די זעלבע ווי וואס האבן באשעפטיקט פלאטאנען. מיר ווייסן היינט ניט מער וועגן אט די „ריין מעטאפיזישע און טראנסצענדענטאלע פראבלעמען" ווי עס האבן געוואוסט צ. ב. ש. די אלטע גריכן. אין דער וויסנשאפט איז די זאך גאנץ אנדערש. וואס זיינען היינט פאר אונז די אלט גריכישע אסטראנאמיע, ביאלאגיע אדער פיזיק? בלויז א באווייז ווי אומוויסנד מענטשן זיינען אמאל געווען, בלויז אן אטעסטאט פאר אונזער אייגענער גרויסקייט, א סימן פון דעם גוואלדיקן פראגרעס וואס מיר האבן געמאכט.

אין דער פילאסאפיע אבער קענען מיר זיך מיט אזא פראגרעס ניט בארימען. עס איז אמת, די פילאסאפיע באנוצט היינט אן אנדער טערמינאלאגיע, אבער בעצם זיינען אירע מעטאדן די זעלבע וואס אמאל, זי באשעפטיקט זיך מיט נייע פראבלעמען. אבער ניט ווייל די אלטע זיינען געלייזט געווארן, מיר האבן די אלטע פראבלעמען ניט געלייזט, דערקלערט דזשאן דואי — מיר האבן זיי בלויז אריבערגעלעבט.

דאָס לאָגישסטע פאַר אונז וואָלט דאַכט זיך זיין א מאַך טאָן מיט דער האַנט אַף דער גאַנצער זאַך, איז אָבער אין אונז דאָ א כח וואָס צווינגט אונז צו פילאָסאָפירן, און אייביק אנגיין מיט אונזער זוכן לייזונגען פאַר אָט די אומלייזבאַרע פּראָבלעמען. אָנשטאָט ווערן פאַרצווייפלט, ראַציאָנאַליזירן מיר, נאַרן זיך אליין אָפּ מיט זייע דעפיניציעס, און זעצן ווייטער פאָרט אונזער ארבעט. דער דייטשער פילאָסאָף גראַף הערמאַן קייזערלינג קען אונז דינען פאַר אַן אויסגעצייכנטן ביישפּיל. דער שטודיום פון פילאָסאָפיע האָט אים גאָר ניט געגעבן. אנשטאָט דערלייכטערונג האָט עס אים געבראַכט פאַרצווייפלונג. ער האָט פאַרשטאַנען אַז אויב די פילאָ־סאָפיע האָט ביז איצט ניט געקענט אויסגעפינען כאָטש איין אַב־סאָלוטן אמת, און וועלכן אַנדערע זאָלן ניט קענען צווייפלען, איז ניטאָ קיין שום האָפנונג אַז זי זאָל זיין ערפאָלגרייכער אין דער צוקונפט. אָבער פילאָסאָפירן מוזן מיר דאָך, אַמווייניגסטנס מוזן אַזעלכע מענטשן ווי קייזערלינג און זיינס גלייכן.

וואָס זשע טוט מען? האָט ער אָנגעשריבן א פיינע עסיי צו באַווייזן אַז פילאָסאָפיע איז באמת א קונסט. קיין אָביעקטיווע אמת'ן קען אונז די קונסט ניט געבן, אָביעקטיווע אמת'ן, און אויך בלויז רעלאַטיווע, קען אונז געבן בלויז די עקספּערימענטאַלע וויסנ־שאַפט. די פילאָסאָפיע איז נאָר דער בליק פון א באַשטימטן יחיד אַף דער וועלט, א מין פּאָעזיע, אין האַרטער, אפּט כמעט אומפאַר־שטענדלאַכער, פּראָזע, וועגן די אייביקע סודות פון לעבן. יעדער קינסטלער אינטערפּרעטירט די וועלט סוביעקטיוו — מער ווי אַזאַ סוביעקטיווע אינטערפּרעטאַציע פאָדערן מיר פון אים ניט. דער פילאָסאָף איז אויך ניט מער ווי א קינסטלער פון א געוויסן מין, און קען אונז אויך מער ניט געבן ווי זיין סוביעקטיווע אינטער־פּערטאַציע פון וועלט און לעבן.*)

דאָס קלינגט גאַנץ פיין, אָבער קיין גרויס טרייסט קען דאָס זיכער ניט זיין. זאָגן אונז אַז קיין אָביעקטיוון אמת קען אונז די פילאָסאָפיע ניט געבן איז פּונקט ווי זאָגן א הונגעריקן אַז ער

*) H. Kayserling: Die philosophie als Kunst.

קען קיין ברויט ניט קריגן. מיר זיינען הונגעריקע. דער הונגער נאָך אָביעקטיווע אמת'ן איז ווי אַ דיבוק אין אונז, ווי אַ ספינקס וואָס הערט אונז ניט אויף צו וואַרענען „לייז אונז אָדער מיר וועלן דיך אויפפרעסן". אַלץ מיט וואָס קייזערלינג קען אונז טרייסטן איז, אַז מיר וועלן אונזער הונגער קיין מאָל ניט זעטיקן. מיר וועלן מוזן אייביק זוכן, אָבער אַן וועלכע עס איז האָפנונג עפּעס צו געפינען. בלייבט פאַרצווייפלונג און מער גאָר נישט?

האָט דאָך קייזערלינג אַליין געדאַרפט אויפגעבן דאָס זוכן — וואָס האָט ער אָבער געטאָן? ער האָט געשאַפן אַ נייע אייגענע פילאָסאָפישע סיסטעם, האָט אויפגעדעקט אַ רייע „נייע אמת'ן", אין וועלכע ער און זיינע תלמידים גלויבן גאַנץ שטאַרק. דאָס איז דער כח פון ראַציאָנאַליזאַציע און דער זעלבער קייזערלינג, וואָס ווייס אַז פילאָזאָפיע קען ניט זיין קיין אַנדער זאַך ווי בלויז די סוביעקטיווע אינטערפּרעטאַציע פון אַ יחיד וועגן וועלט און לעבן, גלויבט זייער שטאַרק אין דער אָביעקטיוויטעט פון די „אמת'ן" וואָס ער האָט אַנטדעקט.

## 2

דער פּעסימיסטישער בליק אויף דער פילאָסאָפיע איז דער רעזולטאַט פון אַ זייער ברייט פאַרשפּרייטער אָבער פאַלשער דעפיניציע פון פילאָסאָפיע. די אויפגאַבע פון דער פילאָסאָפיע, לויט אָט דער דעפיניציע איז, צו אַנטדעקן אייביקע, אומפאַרענדערבאַרע אַבסאָלוטע אמת'ן. דער פילאָסאָף דאָס איז אַ מענטש פון אַ גאַנץ ספּעציעלן מין. ער האָט קיין אַנדער אינטערעס ניט ווי געפינען דעם אמת. ער וויל וויסן דעם אמת ניט קימערנדיק זיך וועגן די קאָנסעקווענצן פון זיין אַנטדעקונג. ער טרעט צו צו זיין אַרבעט אָן וועלכע עס איז פאָראויס אָנגענומענע סימפּאַטיעס אָדער אַנטיפּאַטיעס. דאָס איז דער מענטש וואָס שטייט ווייט פונם אַקטועלן לעבן, און האָט „קיין פּראָגראַם ניט" וואָס ער וויל באַרעכטיקן.

אָט די לעגענדע וועגן דעם אומפּאַרטייאישן פילאָסאָף איז שוין אייגנטלאָך לאַנג דיסקרעדירט, אָבער די נייע פּסיכאָלאָגיע האָט איר געגעבן אַ טויט קלאַפּ. מיר ווייסן היינט אַז אַזעלכע מענטשן זיינען גאָר לא בנמצא. איידער דער פילאָסאָף הויבט

אָן פילאָסאָפירן לעבט ער, און לעבנדיק האָט ער שוין אָנגעזאַמלט ניט בלויז א רעכט ביסל דערפאַרונגען, נאָר אויך געוואוינהייטן, נייגונגען, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע גלויבט, און מיט רעכט, אַז דעם שליסל צו אַ מענטשנס פילאָסאָפיע, (און אַ פילאָסאָפיע האָט יעדער מענטש!) דאַרף מען זוכן ניט אין זיינע באַוואוסטזיניקע געדאַנקען, נאָר אין זיינע אומבאַוואוסטע שטרעבונגען און פאַרלאַנגען ; אין די טיפע אָפּגרונטן פון דעם מענטשנס אומבאַוואוסטזיין. אמת, ווייניגסטנס אָט דער מין אמת, וואָס קען עקספּערימענטאַל ניט באַוויזן ווערן, איז ניט מער ווי ראַציאָנאַליזאַציע. ניט אַ מענטש גייט זוכן דעם אמת, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין, נאָר אַן אידעאַליסט גייט זוכן אַ ראַציאָנאַליזאַציע פאַר זיין אידעאַליזם, אַ מאַטעריאַליסט גייט זוכן אַ ראַציאָנאַליזאַציע פאַר זיין ראַציאָנאַליזם. און א. וו.

ניטשע האָט דאָס אפשר פריער ווי אַלע אַנדערע פאַרשטאַנען און האָט טאַקע דערקלערט אַז עס איז ניט אמת אַז דער פילאָסאָף זוכט פריער און נאָך דעם געפינט ער דעם אמת. ער געפינט פריער און ערשט דערנאָך זוכט ער. פריער אַרבעטן זיך בא אים אויס, אָפּט אומבאַוואוסטזיניק געוויסע מיינונגען און איבערצייגונגען און דערנאָך זוכט ער און געפינט פאַר זיי אַ באַרעכטיקונג. ווען וויליאַם דזשיימס האָט איינגעטיילט פילאָסאָפן אין „האַרטע" און „ווייכע", האָט ער באמת אויף דאָס זעלבע געהאַט אין זינען. ער האָט געוואָלט דערקלערן דעם מענטשנס פילאָסאָפיע דורך זיין טעמפּעראַמענט. יונגס טעאָריע פון פּסיכאָלאָגישע טיפּן איז בלויז די ווייטערע אַנטוויקלונג פון דעם דאָזיקן געדאַנק. די נייע פּסיכאָלאָגיע זאָגט אונז : איר ווילט געפינען דעם אמת'ן שליסל צו קאַנטס פילאָסאָפיע ? שטודירט זיין ביאָגראַפיע, באַקענט זיך מיט אַלץ וואָס האָט באַאיינפלוסט זיין יוגנט, מיט זיין דערציאונג, מיט זיינע פריידן און ליידן פון קינדערוויים אָן. עס איז ניט גענוג צו קענען קאַנטן דאַמאָלסט ווען ער האָט זיין פילאָסאָפישע סיסטעם אויסגעאַרבעט. דאָס איז צו שפּעט. דאַמאָלסט איז ער שוין געווען „אַ פּאַרטיקער מענטש", אַ פּראָדוקט פון אַ לאַנגיאָריקער אַנטוויקלונג. אין זיינע ווערק, וואָס זיינען אָפן ערשטן בליק אַזוי אַב-

כּטראַקט, אַזוי ווייט פון אַלע לעבעדיקע לעבנס פּראָבלעמען, וועט איר געפינען די פוס טריט פון אַלץ וואָס ער האָט דורכגעלעבט, אפילו ווען ער אליין האָט שוין עס פארגעסן. אָט דער אמת פון דער נייער פסיכאָלאָגיע איז היינט שוין אַלגעמיין אָנגענומען, אפילו פון די וואָס זיינען אין אַלע אַנדערע פראַגן ניט מסכים מיט איר. מ׳קען ניט באמת פארשטיין אַ פילאָסאָפיע, ניט פאַר־שטייענדיק דעם פילאָסאָף. דער מענטש און זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען זיינען אומצוטיילבאַר. דאָס איז נאַטירלאַך זייער אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר דער אַזוי גערופענער אָביעקטיווער פילאָ־סאָפיע. אויב קאַנט׳ס פילאָסאָפיע איז צ. ב. ש. בלויז אַ ראַציאָנאַ־ליזאַציע פון זיינע אומבאַוואוסטזיניקע שטרעבונגען און בּיינקונגען, אַ באַרעכטיקונג פון זיין אייגענעם בליק אַף דער וועלט, קענען מיר דאָס דאַן באַטראַכטן בלויז אַלס אַ „מענטשלאַכן דאָקומענט“ בלויז אַלס אַ מין ודוי פון אַן אינטערעסאַנטן מענטשן. די מיינונג פון קייזערלינג, און אַ סך אַנדערע אַז פילאָסאָפיע איז ניט און קען ניט זיין מער ווי אַ קונסט פון אַ ספּעציעלן מין ווערט אַף דעם אופן אונטערשטיצט פון דער נייער פסיכאָלאָגיע.

אַזוי, צ. ב. ש., דערקלערט פּראָפעסאָר ה. דזש. ראָבינסאָן אין זיין בוך „דהי מיינד אין די מייקינג“ אַז „אַ געשיכטע פון פי־לאָסאָפיע און טעאָלאָגיע וואָלט געקאָנט געשריבן ווערן אין די טערמינען פון טענות, פאַרוואונדעטן שטאָלץ, און אַנטיפּאַטיע, און זי וואָלט זיין פיל מער באַלערנד ווי די געוויינלאַכע באַהאַנדלונגען פון אָט דער טעמע . . . . מילטאָן האָט געשריבן זיין בוך וועגן גט׳ן אַלס רעזולטאַט פון דעם סכסוך וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין 17־יאָריקער ווייבל, און ווען מ׳האָט אים באַשולדיקט אַז ער איז אַ פירער פון אַ נייער סעקטע די „דיוואָרסערס“ (וואָס זיינען פאַר לייכטע גטן), האָט ער אָנגעשריבן אַ נאָבעלע ווערק צו דערווייזן זיין רעכט צו זאָגן וואָס ער האַלט פאַר פאַסיק, און צופעליק צו עטאַבלירן די מעלה פון פרייער פרעסע . . . .“ *).

נאָך פיל קרעפטיקער ווערט אָט דער געדאַנק אויסגעדריקט פון דעם באַקאַנטן סאָציאַל־פסיכאָלאָג, וויליאַם מעקדוגל, אין דעם

*) H. J. Robinson: The mind in the making, p. 45-46

אַריינפיר צו זיין בוך „די גרופּ מיינד". ער באַקלאָגט זיך אַז די מערסטע וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע, האָבן דאָס געטאָן ווייט נישט אַלס אומפּאַראינטערעסירטע פאָרשער.

„די פּאָליטישע וויסנשאַפט פון האבסן", זאָגט מעקדוגל, „איז געווען דער אויסדרוק פון זיין פּראָבע צו באַרעכטיקן די מאָנאַרכיע . . . . . בשעת לאָקס . . . (פּאָליטישע פילאָסאָפיע) איז געווען דער רעזולטאַט פון זיין פאַרלאַנג צו באַרעכטיקן די רעוואָלוציע פון 1688. . . . . די סאָציאַלע דאָקטרינען פון רוסאָ, מיט זיין גאַנצער פאַלשער פּסיכאָלאָגיע, זיינען פאָרמולירט געוואָרן כדי צו רעגן מענטשן צו רעוואָלטירן קעגן די באַדינגונגען פון סאָציאַלן לעבן וואָס האָבן דאַמאָלסט געהערשט אין איירָאָפּע . . . "

עס איז נענוג איבערלייענען מעקדוגלס בוך כדי צו איבערצייגן זיך אַז אויך ער איז נישט קיין יוצא מן הכלל — ווייל דער מענטש און זיין פילאָסאָפיע זיינען אומצוטיילבאַר*).

הייסט דאָס, אַז פילאָסאָפיע איז אייגנטלאַך אַ גאַנץ פערזענלאַכער ענין. פּלאַטאָנס פילאָסאָפיע איז באַשטימט פון פּלאַטאָנס באַוואוסטזיניקער און אומבאַוואוסטזיניקער ביאָגראַפיע, קאַנטס פילאָסאָפיע רעפלעקטירט בלויז „די אומבאַוואוסטזיניקע בייִנקונגען און שטימונגען פון קאַנטן" און אַ. וו. וואָס זשע איז דער פועל יוצא? אַנשטאָט אַ געשיכטע פון טעות'ן, האָבן מיר אַ געשיכטע פון סוביעקטיווע אויסדרוקן, פון מיינונגען, דאָס קען זיין זייער אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר פּסיכאָלאָגן און זייערע אויספאָרשונגען פון „די טיפענישן פון דער מענטשלאַכער נשמה" — אָבער קיין טרייסט פאַר אונז איז דאָך דאָס נישט.

די פילאָסאָפיע, מעג זי זיך זיין פאַרן פילאָסאָף ווי סוביעקטיוו האָט זי דאָך אָן אָביעקטיווע באַדייטונג פאַר דער געזעלשאַפט, באַאיינפלוסט דעם לעבן, אָבער וועגן אָט דער אָביעקטיווער געזעלשאַפטלאַכער באַדייטונג פון דער פילאָסאָפיע זאָגט אונז די נייע פּסיכאָלאָגיע גאָר נישט.

*) W. McDougal—The group mind, Introd.

## 3

מיר ריידן אָפט וועגן „צייט־גייסט“, וועגן דער געזעלשאַפטלאַכער שטימונג אין אַ באַשטימטער צייט. געזעלשאַפטן, פּונקט ווי יחידים, האָבן שטימונגען. מ׳קען מיט רעכט ריידן וועגן געזעלשאַפטלאַכן פּעסימיזם און אָפּטימיזם, וועגן געזעלשאַפטלאַכער קאָמפּלוסטיקייט און אַפּאַטיע, וועגן געזעלשאַפטלאַכע פרייד און טרויער, ווייל אַ געזעלשאַפט איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם.*) די וואָס ריידן וועגן דער „נשמה פון דער געזעלשאַפט“ וועגן דעם „געזעלשאַפטלאַכן באַוואוסטזיין“ א. א. וו., זיינען אומגערעכט בלויז ווען זיי ווילן פאַרגלייכן די „נשמה פון דער געזעלשאַפט“ מיט דער נשמה אָדער באַוואוסטזיין פון דעם ביאָלאָגישן יחיד, און ווילן דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן דערקלערן, און די געזעלשאַפטלאַכע געזעצן אויספאָרשן מיט די זעלבע מעטאָדן, וואָס ווערן אנגעווענדט אין דער אויספאָרשונג פון אַ ביאָלאָגישן אָרגאַניזם. עס זיינען אַמאָל געווען סאָציאָלאָגן (די אָרגאַנישע שולע) וואָס האָבן געזוכט, און געפונען (אַז מ׳זוכט געפינט מען !) באַ דער געזעלשאַפט יעדער באַזונדערן אבר וואָס דער יחיד פאַרמאָגט. זיי האָבן באַשריבן מיט גרויס פּינטקלאַכקייט די סאָציאַלע מוסקולן, סאָציאַלע נערוון און נערוו צענטערן, סאָציאַלע לונגען, געזעלשאַפטלאַכן מאָרך, און אנד. אָפטמאָל זיינען זיי אין זייערע אַנאַלאָגיעס צווישן יחיד און געזעלשאַפט געגאַנגען אַזוי ווייט אַז זיי האָבן זייערע טעאָריעס פּשוט געבראַכט צום אַבסורד**). אָט די טעאָריע האָט שוין לאַנג באַנקראָטירט — אפילו די וואָס האַלטן זיך נאָך היינט אַן דער ביאָלאָגישער אינטערפּרעטאַציע פון דער געזעלשאַפט, פאַרשטייען שוין אַז די געזעלשאַפט מעג זיך זיין אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, אָבער זי איז אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער אָרגאַניזם, אַן אָרגאַניזם וואָס האָט

---

*) ק. קאָוטסקי — „די עטיק“ איבערזעצט אין אידיש פון ח. קאַנטאָראָוויטש.

**) א. לאַריא — די סאָציאָלאָגיע : איבערזעצט אין אידיש פון ח. קאַנטאָראָוויטש.

אירע אייגענע געזעצן. אָבער, אַז אין באַשטימטע צייטן איז די געזעלשאַפט פאַרכאַפּט פון באַשטימטע אידייען, פון אַ באַשטימטן בליק אויפן לעבן איז זיכער.

דער וואָרט „צייט גייסט" איז ניט קיין פוסטער קלאַנג, ווי טייל ווילן האָבן. מיטן „צייט גייסט" קען מען ניט דערקלערן אַוועלכער ס'איז געזעלשאַפטלאַכער עפּאָכע, דער „צייט גייסט" איז ניט קיין אורזאכע. פאַרקערט, ער אַליין דאַרף דערקלערט ווערן, דער „צייט גייסט" גיט אונז אָבער אַ בילד פון אַ באַשטימטע עפּאָכע. אין דער געשיכטע פון דער קונסט, פון דער פילאָסאָפיע, פון דער וויסנשאַפט פאַרנעמט דער צייט גייסט אַ בכבוד'יקן אָרט, ווייל אַף אַלץ לייגט ער אַרויף זיין שטעמפּל. דאָס גייסטיקע שאַפן פון דער געזעלשאַפט איז אַלע מאָל בהסכם מיט דער געזעלשאַפטלאַכער שטימונג. מיר קענען אייגנטלאַך אורטיילן דעם גייסטיקן צושטאַנד פון אַ געזעלשאַפט לויט איר אידעאָלאָגיע. אין צייטן פון געזעלשאַפטלאַכן אָפּטימיזם צ. ב. ש. וועט די עקזאַקטע וויסנשאַפט פאַרנעמען דעם אויבנאָן. דאָס מיינט ניט נאַטירלאַך אַז קיינע אַנדערע פאָרמען פון דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע וועט זיך דאַן ניט אַנטוויקלען. דאָס מיינט אָבער אַז די וויסנשאַפט וועט אַף אַלץ אַרויפלייגן איר שטעמפּל. די פילאָסאָפיע וועט זיין מאַטעריאַליסטיש, די קונסט נאַטוראַליסטיש. אין דער סאָציאַלער וויסנשאַפט וועט הערשן אַן אָפּטימיסטישער פּראָגרעסיוויזם א .א. וו.

אין צייטן ווידער פון געזעלשאַפטלאַכן פּעסימיזם, איז נאַטירלאַך אַז דער צוטרוי צו דער עקזאַקטער וויסנשאַפט זאָל פאַלן, די מעטאַפיזיק און מיסטיק זאָל פאַרנעמען דעם אויבנאָן, די אומצופרידנהייט מיט דער ערד זאָל טרייבן דעם מענטשן זוכן אַ טרייסט אין אַנדערע וועלטן. אָט די שטימונג וועט זיך דאַן אויסדריקן אין דער פילאָסאָפיע און קונסט, אַזוי גוט ווי אין דער וויסנשאַפט. די געשיכטע פון דער קונסט איז צ. ב. ש. איינגעטיילט אין באַשטימטע עפּאָכן אונטער באַשטימטע קאָלעקטיווע נעמען „די צייט פון קלאַסיציזם", „די עפּאָכע פון ראָמאַנטיזם", פון „נאַטוראַליזם" א. אַ. וו. דאָס זעלבע איז אויך מיט דער פילאָסאָפיע. מיר זאָגן צ. ב. ש. אַז די פילאָסאָפיע אין 18טן י. ה. איז געווען מאַ-

טעריאַליסטיש און געזעלשאַפטלאַך, אין דער ערשטער העלפט פון 19טן י. ה. איז זי געווען אידעאַליסטיש און ראָמאַנטיש, אין דער צווייטער העלפט, האָט די נאַטור וויסנשאַפט פאַרנומען דעם אויבנ־אָן און רעוואָלוציאָניזירט דאָס גאַנצע גייסטיקע שאַפן פון אייראָ־פּע. אויב מיר זאָלן אָננעמען די אויבנגעבראַכטע מיינונג, אַז די פילאָסאָפיע איז ניט מער ווי אַ ריין פערזענלאַכע זאַך, אַ רעקאָרד פון דעם פילאָסאָף, אַן אויסדרוק פון דעם באַוואוסטזיניקן און אומבאַוואוסטזיניקן לעבן פון דעם פילאָסאָפירנדיקן יחיד, איז אוממעגלאַך צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ זאַך ווי אַ „צייט גייסט“ איז גאָר מעגלאַך. ווי קומט דאָס וואָס גראַד אין אַ באַשטימטער צייט קומען מענטשן מיט פאַרשיידענע דערפאַרונגען, פון פאַר־שיידענע געזעלשאַפטלאַכע סביבות צום אידעאַליזם אָדער מאַטע־ריאַליזם. גיבן זיך אָפּ מיט איינע און די זעלבע פּראָבלעמען, פאַרקערפּערן אין זייערע ווערק די זעלבע שטימונגען ? לויט אָט דעם סוביעקטיוון בליק אויף דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע, איז קיין צייט־גייסט ניט מעגלאַך. די פּסיכאָלאָגיע קען אונזער פּראָבלעם ניט לייזן, דערפאַר, ווייל זי איז איבערהויפּט אַן אינדי־ווידועלע פּסיכאָלאָגיע, ווייל איר אינטערעסירט איבערהויפּט דער מענטש אַלס איזאָלירטער יחיד. עס איז אמת, דער אַלטער געדאַנק אַז דער מענטש איז אַ געזעלשאַפטלאַכע באַשעפעניש, אַז דער יחיד קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון כלל, פאַרנעמט אַלץ מער און מער פּלאַץ אין דער פּסיכאָלאָגיע.

אַזוי, צ. ב. ש., דערקלערט זיגמונד פרויד אין דער פאַררעדע צו זיין בוך „די מאַסן פּסיכאָלאָגיע און די איך פּראָבלעם“ אַז „יעדע אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע איז און מוז זיין גלייכצייטיק אַ סאָ־ציאַלע פּסיכאָלאָגיע“ ווייל דער יחיד, זאָגט ווייטער פרויד, קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון אַנדערע יחידים מיט וועלכע ער לעבט און דורך וועלכע ער ווערט באַאיינפלוסט. דער גרויסער איינפלוס פון דער געזעלשאַפטלאַכער סביבה איז אין דער סאָציאָלאָגיע אַלע מאָל געווען גוט באַקאַנט, שוין אפילו ניט רייִדנדיק פון מאַרקסיזם, פאַר וועלכן אַן איזאָלירטער יחיד, אָפּגעריסן פון זיין געזעלשאַפט־לאַכער סביבה, איז גאָר אומדיינקבאַר, קענען מיר אויסרעכענען

אַ גאַנצע רייע סאָציאָלאָגן, וואָס האָבן די געזעלשאַפטלעכקייט אָוועקגעלייגט אַלס יסוד פון זייערע טעאָריעס. די אימיטאַציע טעאָריע פון טאַרדע און דזש. מאַרק באַלדווין קען דינען אַלס ביישפּיל. די פּאָליטישע און סאָציאָלאָגישע טעאָריעס וואָס זיינען לעצטנס אַזוי פּאָפּולער, די טעאָריעס פון וואַלאַס, וואַלטער ליפּמאַן און וויליאַם טראָטער, זיינען אַלע אויפגעבויט אַף דער גרונט הנחה, אַז דער מענטש איז וואָס די געזעלשאַפט מאַכט פון אים. עס איז דאָך קלאָר אַז אויב דער יחיד איז דורך און דורך דער פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה אין וועלכער ער לעבט, שטאַמט זיין פילאָסאָפיע פון דעם זעלבן מקור. אויב די פילאָסאָפיע, ווי די געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיע בכלל, איז אַ רעקאָרד פון אַ יחיד'ס דערפאַרונגען, שפּילן זיך אָבער דאָרט אָפּ די דערפאַרונגען אויך פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה. נאָך מער, פון דער גאַנצער היסטאָרישער עפּאָכע אין וועלכער דער יחיד לעבט און פון וועלכער ער איז באַאיינפלוסט געוואָרן. קיין מענטש קען זיך פון דעם איינפלוס פון זיין סביבה ניט באַפרייען. דער אידעאָלאָג איז בלויז דער שליח צבור פון זיין צייט און פון זיין קלאַס. אַלע שטרעבונגען און בענקונגען, האָפנונגען און אַנטוישונגען, פון דער צייט און פון דער סביבה, געפינען זייער אויסדרוק, דירעקט און אומדירעקט, אין דער געזעלשאַפטלעכער אידעאָלאָגיע. ווייל מען פאַרשטיין די פילאָסאָפיע פון אַ געוויסן יחיד, דאַן איז נאָך ווייניק צו באַקענען זיך מיט זיין אינטימער ביאָגראַפיע, ווי די פּסיכאָלאָגיע לערנט אונז. מיר מוזן זיך אויך ווענדן צו דער צייט אין וועלכער ער האָט געלעבט. די פּסיכאָלאָגיע קען אונז דערקלערן דעם פילאָסאָף, פאַר אַ דערקלערונג אָבער פאַר זיין פילאָסאָפיע מוזן מיר זיך ווענדן צו דער סאָציאָלאָגיע. צווישן אַלע מאָדערנע דענקער האָט דאָס אַמבעסטן פאַרשטאַנען דער אַמעריקאַנער דזשאָן דוואָי.

די פילאָסאָפיע, זאָגט דוואָי, דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס פּראָדוקט פון דער סאָציאַלער סביבה, „דערפאַרונג" דערקלערט ער, „איז אַן ענין פון פונקציע און געוויינהייט, פון אַקטיוון צופּאַסן זיך . . . פון קאָאָרדינאַציע פון אַקטיוויטעט, פיל מער ווי פון אַ צו־

שטאַנד פון באַוואוסטזיין"*). דער גענעטישער שטאַנדפּונקט לערנט אונז, אַז די סיסטעמען פון דער פאַרגאַנגענהייט זיינען פּונקט ניט אַזוי קיין אויסגעטראַכטע ליגנס ווי זיי זיינען ניט קיין אַבסאָלוטע אָפּענבאַרונגען; זיי זיינען די פּראָדוקטן פון פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און וויסנשאַפטלאַכן צושטאַנד. ענדערונגען אין די לעצטע ברייננגען מיט זיך ענדערונגען אויך אין זייערע טעאָרעטישע פאָרמולירונגען" **). אין אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז די פילאָסאָפיע איז אַ פּראָדוקט פון דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן. פילאָסאָפישע מיינונגען און איבערצייגונגען ווערן דעטערמינירט דורך די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, די געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע שפּיגלט באמת אָפּ די געשיכטע פון זייער פּאָליטישער סביבה. אַזוי צ. ב. ש. דערקלערט דואי, ריידנדיק וועגן דער גריכישער פילאָסאָפיע: „די פילאָסאָפיע האָט זיך ניט אַנטוויקלט פון אַ ריינער אָן פניותדיקער אַנטשטימונג. זי האָט געהאַט אַ מיסיע דורכצופירן. עס איז געוואָרן די אויפגאַבע פון דער פילאָסאָפיע צו באַרעכטיקן, אויף ראַציאָנאַלע יסודות, דעם גייסט, הגם ניט די פאָרמע, פון די אָנגענומענע גלויבנס און טראַדיציאָנעלע מנהגים". עס איז קלאָר אַז דואי באַנוגנט זיך ניט מיט דערקלערן אַז די פילאָסאָפיע איז אַ פּראָדוקט פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, ער האָט אויך אויפגעדעקט דעם אַפּאָלאָגעטישן כאַראַקטער פון דער פילאָסאָפיע: די גריכישע פילאָסאָפיע ה אָ ט ג ע ד אַ ר פ ט ב אַ ר ע כ ט י ק ן ג ר י כ י ש ע ג ל ו י ב נ ס א ו ן מ נ ה ג י ם, פילאָסאָפיע פון אַנדערע צייטן און אַנדערע לענדער ד אַ ר פ ן ב אַ ר ע כ ט י ק ן אַנדערע גלויבנס, אַנדערע מנהגים, אָבער אַלע מאָל האָבן זיי אַלס אויפגאַבע עפּעס צו באַרעכטיקן. „דער אַפּאָלאָגעטישער כאַראַקטער פון דער פילאָסאָפיע" זאָגט ער, ווערט נאָך בולטער ווען דער מיטלאַלטערלאַכער קריסטנטום, האָט אַרום דעם 12טן י. ה. זוכנדיק פאַר זיך אַ סיסטעמאַטישע ראַציאָנאַלע פאָרמע, אויסגענוצט די קלאַסישע פילאָסאָפיע, איבערהויפּט אַריסטאָטעלן.

*) Darwin and his influence on philosophy, p. 157.
**) Ibid, p. 68.

. . . ענגלאַנד איז פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד אין 19טן י .ה. ווען העגעל האָט אַף זיך גענומען די אויפגאַבע צו באַרעכטיקן אין נאָמען פון ראַציאָנאַלן אידעאַליזם, די דאָקטרינען און אינסטיטוציעס וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן אין סכנה דורכן נייעם גייסט פון דער וויסנשאַפט און דעמאָקראַטיע" (פּאָפּולער גאָווערנמענט).*) ווען מיר באַטראַכטן די פילאָסאָפיע פון אָט דעם דוּאַיִנישן שטאַנדפּונקט האָבען מיר שוין פאַר זיך ניט צוועקלאָזע דיספּוטן וועגן דעם „עצם פוןווירקלאַכייט" נאָר די אָפּשפּיגלונג „פון מענטשלאַכע קאָנפליקטן, פון געזעלשאַפטלאַכע צוועקן און אַספּיראַציעס". פילאָסאָפיע איז ניט קיין אַנדער זאַך ווי בלויז אַן אינסטרומענט אין די הענט פונם מענטשן; אַן אינסטרומענט וואָס דאַרף אויסגענוצט ווערן, און ווערט אויסגענוצט אין דער געזעלשאַפט'ס קאַמף פאַרן לעבן. אמת, דוּאַי דיינקט, אַז די פילאָסאָפיע ווערט איבערהויפּט אויסגענוצט צו באַרעכטיקן דעם סטאַטוס קוואָ, דאָס בייט אָבער ניט איר אַלגעמיינעם כאַראַקטער. אין זיין לעצטן בוך, „די מענטשלאַכע נאַטור און אויפפירונג" גייט ער נאָך ווייטער. ער נעמט אָן אַז די געזעלשאַפט איז ניט קיין גאַנצע אומצוטיילבאַרע איינהייט. ער האָט איינגעזען אַז אין דער געזעלשאַפט זיינען פאַראַן פאַרשיידענע גרופּן, (וועגן קלאַסן רעט ער דערווייל ניט) וואָס האָבן באַזונדערע אינטערעסן, אָפט אַזעלכע וואָס זיינען און מוזן זיין פיינדלאַך איינס צום צווייטן. די פילאָסאָפיע ווערט אויסגענוצט פון יעדער גרופּע באַזונדער צו ראַציאָנאַליזירן און באַרעכטיקן דעם קאַמף פאַר אירע באַזונדערע גרופּן אינטערעסן**) מאָמענטנווייז דאַכט זיך אויס אַז אָט, אָט און דוּאַי וועט פון דאָס ניי אַנטדעקן דעם קלאַסן קאַמף מיט אַלע זיינע טעאָרעטישע און פּראַקטישע אימפּליקאַציעס. אָבער מער ווי ביזן שוועל קומט ער ניט, אַריבער גיין די שוועל איז ער ניט בכח.

אין אַ רעצענזיע אַף דוּאַיס בוך „די מענטשלאַכע נאַטור און אויפפירונג" האָט אַ באַקאַנטער שרייבער, אין דעם „אַמעריקאַן

*) Human Nature and Conduct
**) Ibid, p. 19.

לייבאָר מאַטנלי״ דערקלערט — אַז דואַי באַגעגנט מאַרקסן — נעדאַרפֿט האָט ער נאָך אָבער צוגעבן — „אַף האַלב וועג“. עס איז אמת אַז דואַים בליק אַף דער פֿילאָסאָפֿיע, און אַף דער גע־זעלשאַפֿטלאַכער אידעאָלאָגיע בכלל, איז זייער נאָענט צו מאַרק־סעס בליק אַף דעם זעלבן ענין. מ׳קען אפֿילו זאָגן אַז דואַי חזרט איבער, אין אַנדערע ווערטער, וואָס מאַרקס האָט שוין פֿון לאַנג געזאָגט. עס איז אמת, בעת מאַרקס און ענגעלס האָבן זייער בליק אַף דער געזעלשאַפֿטלאַכער אידעאָלאָגיע אַרויסגעזאָגט בחפֿזון, אָפֿט פֿאַרבייגייענדיק, איילנדיק זיך איבערצוגיין צו מער אַקטוע־לע פֿראַגן, ווערט דער זעלבער געדאַנק בא דואַין פֿאַנאַנדערגע־אַרבעט גרינטלאַך, מיט אַ סך דעטאַלן, און מיט אַ סך באַווייזן. בעצם אָבער איז זיין בליק אַ מאַרקסיסטישער. אין זיינע טעזיסן וועגן פֿייערבאַך׳ן זאָגט מאַרקס: „אַלע פֿילאָסאָפֿן ביז איצט האָבן געוואָלט דער וועלט דערקלערן. עס האַנדלט זיך אָבער וועגן דער וועלט איבערמאַכן“. מאַרקס דערקלערט דאָ אין אַנ־דערע ווערטער, אַז דער פֿילאָסאָפֿיעס אויפֿגאַבע איז ניט בלויז די וועלט דערקלערן, נאָר ד ע ר ק ל ע ר ן  כ ד י  א י ב ע ר־מ אַ כ ן. דאָס קען אפֿשר מאַכן דעם איינדרוק אַז ביי מאַרקסן איז דאָס אַ פֿאָדערונג צו דער פֿילאָסאָפֿיע. די אָבער וואָס זיינען באַקאַנט מיט דער מאַרקסיסטישער אַנשויאונג אויף דער אידעאָלאָ־גיע בכלל (און די פֿילאָסאָפֿיע איז דאָך אַ טייל פֿון איר!) ווייסן, אַז ביי מאַרקס׳ן האָט זיך דאָ ניט געהאַנדלט וועגן זאָגן די פֿי־לאָסאָפֿן וואָס זיי זאָלן טאָן, נאָר דערקלערן וואָס זיי טוען. פֿאַר מאַרקסן איז קלאָר געווען, אַז די געשיכטע פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע איז ניט קיין געשיכטע פֿון טעות׳ן, נאָר אַ געשיכטע פֿון היסטאָ־רישע קלאַסן־אמת׳ן. די פּראָבלעמען פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע ווערן באַשטימט און אַרויסגערופֿן דורך די פּראָבלעמען פֿון געזעלשאַפֿט־לאַכן לעבן. זייערע ענטפֿערס זיינען די פֿאַרענטפֿערונג פֿון די דאָזיקע פּראָבלעמען. אָבער די געזעלשאַפֿט איז ניט איין גאַנצע האַרמאָנישע איינהייט, נאָר אַ געמיש פֿון פֿאַרשיידענע קלאַסן, סוב־קלאַסן און גרופּן, וועלכע לעבן אין פֿאַרשיידענע סביבות, שטייען אַף פֿאַרשיידענע שטופֿן פֿון קולטורעלער אַנטוויקלונג, האָבן פֿאַר־

שיידענע אינטערעסן און פארשיידענע פּראָבלעמען. עס איז דער־פאר קלאָר, אז דער פילאָסאָף, וועלכער איז אלס מענטש ניט קיין אויסנאם פון אלע אנדערע מענטשן, און איז אונטערוואָרפן צו די זעלבע געזעצן, איז אליין א מיטגליד פון א וועלכן עס איז קלאס אָדער גרופּע (ארייגעבאָרן אָדער ארייגעוואקסן) און ער נעמט נאטירלאך אויף די פּראָבלעמען פון זיין קלאס אָדער גרופּע, און זיינע ענטפערס זיינען באשטימט צו זיין דער וועגווייזער פאר זיין גרופּע.

אויך דואי פארשטייט, ווי מיר האָבן געזען אז אונטער באַזונדערע אומשטענדן און א באזונדערער סביבה אנטשטייען באַזונדערע אינטערעסן, — באזונדערע פּראָבלעמען, און פאָלגלאך א באזונדערע פילאָסאָפיע. וואס דואין האט זיך ניט איינגעגעבן קלאָר מאכן פאר זיך, איז פון וואנען נעמט זיך די באזונדערע סביבה, ווי אזוי קומען די באזונדערע אינטערעסן. ער בלייבט דעריבער שטיין אין מיטן וועג, בשעת מארקס גייט ביזן סוף.

די פילאָסאָפיע איז א פּראָדוקט פון געזעלשאפטלאכן לעבן, זייער גוט, אָבער די פילאָסאָפיע האט דאך א געשיכטע. דורך וואס ווערט באשטימט די געשיכטלאכע אנטוויקלונג פון דער פי־לאָסאָפיע ? די ענדערונגען אין פּאָליטישן און סאָציאלן לעבן, זאָגט דואי, רופן ארויס אויך ענלאכע ענדערונגען אין דער פילאָ־סאָפיע. דאס איז נאטירלאך אמת, אָבער וואס לערנט דאס אונז ? באמת גאָר ניט. דאס מיינט בלויז אנדערש אוועקשטעלן די פראַ־גע. די פילאָסאָפיע איז א טייל פון געזעלשאפטלאכן לעבן, די גע־שיכטע פון דער פילאָסאָפיע איז א טייל פון דער געשיכטע פון דער מענטשלאכער געזעלשאפט, מוזן מיר פריער וויסן, וואס עס זיי־נען די געזעצן פון דער סאָציאלער עוואָלוציע בכלל, כדי קענען פארשטיין די געזעצן לויט וועלכע די געזעלשאפטלאכע אידעאָלאָגיע אנטוויקלט זיך. דואי האט אָבער אָט די דאָזיקע, ברייטערע פּראָ־בלעמע, אינגאנצן אויסגלאָזן, און דערפאר פילט זיך אין אלע דואיס ארבעטן עפּעס א ניט דערזאָגטקייט, א האלבקייט.

מארקס און ענגעלס זיינען אין דעם הינזיכט געגאנגען פיל ווייטער.

דורך וואָס ווערט באַשטימט די אַנטוויקלונג פון דער געזעל־שאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע? דורך דער זעלבער אורזאַכע — ענט־פערט מארקס — ווי די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט גופא: דורך דער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלאַכע פּראָדוקציאָנס־כחות. די געזעלשאַפט איז פאַר מאַרקסן פריער פון אַלץ אַן אַרבעטס־געמיינשאַפט. כדי צו לעבן, מוזן מענטשן פּראָדוצירן לעבנסמיטלען, „אָבער אין דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע טרעטן זיי אַריין צווישן זיך אין באַציאונגען וואָס זיינען אומאָפּהענגיג פון זייער ווילן, אין פּראָדוקציאָנס־באַציאונגען וואָס זיינען אין איינ־קלאַנג מיט אַ באַשטימטער שטופע אין דער אַנטוויקלונג פון זייערע פּראָדוקציאָנס־קרעפטן. דער סכום פון די דאָזיקע באַציאונגען שאַפט די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, אויף וועלכן עס אַנטשטייט אַ יורידישער און פּאָליטישער איבערבוי און אַ באַשטימטע פאָרמע פון געזעלשאַפטלאַכן באַוואוסטזיין (אידעאָלאָ־גיע). ניט דער באַוואוסטזיין באַשטימט דעם זיין, נאָר דער גע־זעלשאַפטלאַכער זיין דעם באַוואוסטזיין". ענדערט זיך די אַרט און וויייזע ווי אַזוי אַ געגעבענע געזעלשאַפט שאַפט פאַר זיך אירע נוי־טיקע לעבנס־מיטלען, ענדערט זיך אויך איר אַנשויאונגס און אויפ־פאַסונג־קאָמפּלעקסן, אין איינקלאַנג מיט די נייעווירטשאַפטלאַ־כע באַדינגונגען. עס ענדערט זיך, הייסט דאָס, איר אידעאָלאָגיע.

אין דעם פּראָדוקציאָנס פּראָצעס, ווען דער מענטש באַגע־גענט זיך מיט פּראָבלעמען וועלכע ער מוז לייזן, אַנטוויקלט דער מענטשלאַכער אינטעלעקט; אין דעם מענטשנס קאַמף צו באַהערשן דער נאַטור — ליגט באַהאַלטן דער אָנהויב פון דער וויסנשאַפט, דאָס פאַרשטייט דואַי זייער גוט. דערפאַר דערקלערט ער צ. ב. ש. אַזוי:

„די נויטן פון לעבן . . . צווינגען צו שיינקען אויפמערק־זאַמקייט צו דיווירקלאַכע פאַקטן פון לעבן . . . . אַז מאַנכע זאַכן זיינען שפּייז, אַז מ'קען זיי געפינען אין געוויסע פּלעצער, אַז אין וואַסער קען מען זיך דערטרינקען, אַז פייער ברענט, אַז שאַר־פע זאַכן דרינגען אַריין און שניידן זאַכן, פאַלן אויב מ'האַלט זיי ניט אונטער, אַז עס איז דאָ אַ געוויסע אָרדנונג פון טאָג און נאַכט,

קעלט און היץ, נאַס און טרוקן — אַט אַזעלכע פּראָזאַאישע פאַקטן **צווינגען זיך ארויף** אַף דער אויפמערקזאַמקייט פון פּרימיטיוון מענטשן" *) אַט אַזוי הויבט זיך אָן, אין דוּאיס מיינונג, אונזער נאַטור וויסנשאַפט. „אַט דער מין וויסן — זאָגט דוּאי ווייטער, — איז איבערהויפּט פאַרבונדן מיט די אינדוסט־ריעס, מלאכות און קונסט, וואו עקזאַקטע באַאָבאַכטונגען פון די מאַטעריאַלן און פּראָצעסן זיינען די באַדינגונגען פאַר ערפאָלג".

דוּאי זוכט אַלזאָ, דעם אָנהויב פון דער וויסנשאַפט, און פון דער אידעאָלאָגיע בכלל און די פּראָדוקציאָנס פּראָצעסן, עס פעלט אים אָבער ניט איין אַז אין די זעלבע פּראָדוקציאָנס פּראָצעסן, דאַרף מען זוכן אויך די געזעצן פון דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט בכלל. דערפאַר טאַקע בלייבט דוּאי שטיין אין מיטן וועג.

דוּאי רעט אָפט וועגן געזעלשאַפטלאַכע גרופּן, וועגן אינטע־רעסן קאָנפליקטן, ער ווייס אַז די געזעלשאַפט איז צוטיילט אין קלאַסן וואָס קעמפן איינער קעגן צווייטן, ער ציט אָבער ניט די לאָגישע קאָנסעקווענצן פון אַט דעם וויסן. דער פּשוטער אמת אַז די געוואוינהייטן, דער לעבנס שטייגער און די פּסיכאָלאָגיע וואָס קומט אַלס רעזולטאַט דערפון פון יעדן קלאַס באַזונדער, שאַפט אַ ספּע־ציעלע קלאַסן אידעאָלאָגיע פאַר יעדן קלאַס — דאָס בלייבט פאַר אים אַ סוד.

עס איז גאָר קיין ספק ניט אַז דוּאין האָט זיך איינגעגעבן אַריינ־בליקן פיל טיפער אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן, צוקומען פיל נענטער צום אמת, ווי אַ סך פון זיינע צייט גענאָסן — אָבער דעם גאַנצן וועג איז ער ניט דורכגעגאַנגען — ווען ער שטעלט זיך ניט אָפּ אין מיטן, ווער ווייסט וואָס ס'וואָלט געקענט טרעפן, ער וואָלט אפשר דאַמאָלסט געקומען צום מאַרק־סיזם.

*) J. Dewy. Reconstruction in Phiosophy,

# קונסט און מאַרקסיזם

## א פאָרטראג

באוועגונגען, פונקט ווי איינצעלנע מענטשן זיינען ביז א געוויסן גראַד עגאָאיסטיש. ניין, באוועגונגען זיינען נאָך פיל עגאָאיסטישער ווי יחידים, ווייל אויב דער יחיד זוכט אָפט זיין עגאָאיזם באהאלטן און שעמט זיך דערמיט, איז אָבער דער עגאָאיזם ביי א באוועגונג איבערהויפּט ביי די וועלכע קעמפן, אָדער מיינען אז זיי קעמפן פאר דעם וואוילזיין פון אַלעמען, — דער עגאָאיזם א טוגנד ; דער באוועגונגס־מענטש טראָגט זיך מיט זיין באוועגונגס עגאָאיזם ארום ווי מיט אַן אבן טוב. און אַנדערש קאָן עס אויך ניט זיין. קיין באוועגונג וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט עקזיסטירן ווען זי זאָל ניט זיכער זיין, אז זי איז דאָס בעסטע און גערעכטסטע, און אַז די רעאַליזירונג פון אירע פּלענער וועט זיין דער גרעסטער גליק פאר אַלע מענטשן. דער ציוניסט צ. ב. ש. קען זיך ניט באנוגענען דערמיט וואָס ער וועט אָננעמען אַז ציון איז דורכאויס נויטיק פאר אים פערזענלאך, ער מוז זיך פּליימן צו דערווייזן, אַז דער ציוניזם איז אַ לעבנס נויטווענדיקייט, און וועט זיין דאָס גרעסטע גליק פארן גאַנצן אידישן פאָלק, פאר יעדן איד באזונדער, און אין אַ געוויסער מאָס

אפילו פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אפילו די סאָציאַליסטן וואָס הערן ניט אויף צו ריידן וועגן קלאַסן־קאַמף און דערקלערן אַז דער סאָציאַליזם איז אַ ריינער קלאַסן־אידעאַל און די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אַ ריינע קלאַסן באַוועגונג, פאַרגעסן אָבער קיין מאָל ניט אויסטייטשן, אַז ווען דער סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלאַכט ווערן וועט עס זיין אַ גליק פאַר אַלע מענטשן. און קען זיך נאָר אַ וועלכער עס איז יחיד פון דעם צווייטן, בורזשואַזן צד אויפהויבן איבער זיינע ענגע קלאַסן אינטערעסן, און פאַרשטיין ווי שיין, ווי נאָבל, ווי ערהאַבן דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז, ווי גליקלאַך מענטשן וועלן לעבן אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, דאַן מוז ער גלייך פאַראַטן זיין קלאַס און זיך שטעלן אין די רייען פון דעם פראָלעטאַריאַט און צוזאַמען מיט אים קעמפן פאַר דער פאַר־ווירקלאַכונג פון סאָציאַליזם.

פאַראַן אַ באַוועגונג, וועלכע מען רעכנט געוויינטלאַך ניט אַריין ווען מען רעדט וועגן באַוועגונגען. דאָס זיינען די מענטשן, וועלכע זיינען פעסט איבערצייגט, אַז דאָס איינציקע ווערטפולע אין לעבן איז די קונסט, אַז בלויז די קונסט (אין אירע פאַרשיי־דענע פאָרמען) איז בכח אונזער לעבן מאַכן שענער און בעסער; אַז די קונסט, דאָס איז די קרוין און די נשמה פון לעבן, דאָס איינציקע פאַר וואָס עס לוינט זיך עפעס צו טאָן און עפעס צו מקריב זיין. אַזוינע מענטשן זיינען אמת ניטאָ זייער קיין סך. אָבער דאָך איז פון זיי פאַראַן אַ גענוגנדע צאָל און זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַוועגונג, דערפאַר ווייל מערסטנס זיינען זיי אויך אָרגאַניזירט אין קלובן און פאַראיינען, און אפילו די אומאָר־גאַניזירטע פילן דאָך אַז עס איז דאָ צווישן זיי עפעס געמיינ־שאַפטלאַכעס. אָט די באַוועגונג וועל איך אָנרופן — ניט האַבנ־דיק קיין פאַסיקערן נאָמען — די ר י י ן  ע ס ט ע ט י ש ע . די דאָזיקע ריין עסטעטישע באַוועגונג איז נאַטירלאַך פונקט אַזוי עגאָאיסטיש ווי אַלע אַנדערע, ווייל דער עגאָאיזם איז די נשמה פון יעדער באַוועגונג.

ווען מיר ווילן היינט אונטערריידן וועגן סאָציאַליזם און קונסט, מוז מיר פריער פון אַלעם אַמווייניקסטנס אויף היינט אָוונט זיך

באַפרייען פון אונזער באַוועגונגס־עגאָאיזם, אויב נישט וועלן מיר אַריינפאַלן אין די זעלבע טעות'ן, וועלכע פיל אַנדערע האָבן געמאַכט.

דער שייכות צווישן סאָציאַליזם און קונסט איז פיל אויף דער אידישער און נישט אידישער גאַס דיסקוטירט געוואָרן. דער אומגליק אָבער פון אָט די אַלע דיסקוסיעס איז געווען, וואָס אין זיי איז אימער אַריינגעטראָגן געוואָרן דער באַוועגונגס־עגאָאיזם. דער סאָציאַליסט זייענדיק איבערצייגט, אַז דער סאָציאַליזם איז דאָס איינציקע צוליב וואָס עס לוינט זיך לעבן און מקריב זיין, האָט נאַטירלאַך געוואָלט אַלעס און אַלעמען — דער קונסט איינגעשלאָסן — איינשפּאַנען אין זיין וואָגן; אַלעס און אַלע מוזן העלפן פאַרווירקלאַכן דעם דאָזיקן שענסטן פון אַלע אידעאַלן, די קונסט מוז דינען דעם סאָציאַליזם, אויב נישט איז זי אַ בורזשואַזע, פאַרן פראָלעטאַריאַט אַ ווערטלאָזע. דאָס האָבן אָפט געזאָגט אַזוינע וואָס זיינען באמת ליבהאָבער פון אמת'ער קונסט, און קאָנען אַ טענדענציעזן בוך אין האַנט נישט נעמען. זיי זיינען פאַרפירט געוואָרן פון זייער באַוועגונגס־עגאָאיזם — און די ברייטע מאַסן — פון זיי.

דער עסטעט ווידער, זייענדיק פאַרפירט פון ז י י ן באַוועגונגס עגאָאיזם, האָט נישט אויפגעהערט צו פּראָקלאַמירן, אַז די קונסט טאָר דעם סאָציאַליזם נישט דינען, אַז העכסטנס מעג אָט די חשוב'ע דאַמע ערלויבן דעם סאָציאַליזם איר צו דינען, זי אָבער טאָר בכלל קיינעם און גאָרנישט דינען. ביי אונז איז מען שוין אַוועק אַזוי ווייט אין דעם, אַז עס איז שוין פאַר דער קונסט בכלל געוואָרן אַ פאַרברעכן אויסצודריקן וואָס עס איז נישט — מען האָט זיך דערערעדט צום אַבסורד — די קונסט מוז זיין אידייענלאָז, אָדער זי איז קיין קונסט נישט.

סיי דער סאָציאַליסט, און סיי דער עסטעט, האָבן די פראַגע נישט באַטראַכט אָביעקטיוו, קאַלט און רואיק, נאָר סוביעקטיוו, פּאַרטייאיש. איןביידן האָט גערעדט נישט דער קאַלטער פאַרשטאַנד נאָר די ברויזנדיקע געפילן. עמאָציעס און הייסע פאַרלאַנגען צו זען זייער אידעאַל פאַרווירקלאַכט, אין אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז דורך זיי האָט גערעדט זייער באַוועגונגס עגאָאיזם. עס איז דערפאַר אויך זייער נאַטירלאַך, אַז אונטער אַזוינע אומשטענדן

זאָלן אין די אַלע דיסקוסיאָנען אַריינגעטראָגן ווערן אַ שיין ביסל הייס בלוט, אַז מען זאָל אָפט ניט איבערקלייבן די עפּיטעטן מיט וועלכע מען איז איינער דעם צווייטן מכבד, און אַז אָט די, וואָס האָבן צווישן זיך באמת אַזויפיל געמיינשאַפטלאַכעס זאָלן ווערן כמעט בלוטיקע שונאים.

די דיסקוסיע וועגן קונסט און סאָציאַליזם איז ווייטער ביי אונז אויפגעהויבן געוואָרן איצט דורך דעם, וואָס די „מאַרקס לי־טעראַטור געזעלשאַפט“ האָט אין אידיש אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון שריפטן, פון דעם רוסישן סאָציאַליסט־קריטיקער אַנאַטאָלי לונאַטשאַרסקי וועגן „קונסט און סאָציאַליזם“. לונאַטשאַרסקי איז אויך, פּונקט ווי אַנדערע, אַ שיין ביסל פאַרבלענדעט פון דעם באַוועגונגס עגאָאיזם, און וואָלט וועלן אַז די קונסט זאָל באַוואוסטזיניק זיך שטעלן אין דינסט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ניין, ער גייט נאָך ווייטער, ער וואָלט וועלן אַז דער קינסטלער זאָל טאַקע זיין אַ מאַרקסיסט, און שאַפנדיק זיינע ווערק האָבן אין זינען די סאָציאַל־פילאָסאָפישע און עקאָנאָמישע לערן פון מאַרקסיזם. דאָס איז נאַטירלאַך אַן אומזין; ווייל דאַן וואָלטן מיר געהאַט ניט קיין קונסט נאָר פּראָפּאַגאַנדע. אפשר שיין־געשריבענע, בילדלאַך אויסגעדריקטע סאָציאָלאָגישע און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע טראַקטאַטן אָבער זיכער ניט קיין קונסט. עס וואָלט דער קונסט זיכער ניט געטאָן קיין טובה ווען די קינסטלער זאָלן זיך אָנהויבן אָפּגעבן מיט סאָציאָלאָגיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע — און איך צווייפל אויב עס וואָלט זיך אַזאַ זאַך געלייגט פאַר די דערמאָנטע וויסנשאַפטן, זיי וואָלטן אפשר נאָך מער געליטן דערפון ווי די קונסט.

עס האָט בכלל ניט קיין זין צו שטעלן פאָדערונגען צו דער קונסט. עס איז פּונקט אַזאַ אומזין צו פאָדערן פון אַ קינסטלער ער זאָל דינען אַ געוויסע אידייע, ווי פאָדערן, ער זאָל דאָס ניט טאָן. דער קינסטלער, דער אמת'ער קינסטלער, וועט טאָן ווי זיין קינסטלערישער אינסטינקט וועט אים דיקטירן. קיין אַנדער דיקטאַטור קאָן די קונסט ניט דערלויבן.

הייסט עס דאַן, אַז עס איז בכלל אַן אומזין צו ריידן וועגן

קונסט און סאָציאַליזם? ניין. דאָס זאָג איך ניט. אָבער עס מוז געערדט ווערן ניט וועגן דעם וואָס פאַר אַ פאָדערונגען שטעלן זיי איינס דעם צווייטן, נאָר ווי אַזוי באַטראַכטן זיי איינס דעם צווייטן, ניט וואָס דאַרפן זיין זייערע שיכות'ן, נאָר וואָס זיינען זיי.

אַזאַ גרויסע באַוועגונג ווי די סאָציאַליסטישע, אַ באַוועגונג וואָס איז אַזוי פול מיט קאַמף און זעלבסטאָפּפערונג, אַ באַוועגונג וואָס האָט פאַרכאַפּט די הערצער און נשמות פון מיליאָנען מענטשן — איז דען מעגלאַך, אַז די קונסט זאָל איר קענען פאַרבייגיין גלייכגילטיק און זיך ניט אָפּשטעלן? און באמת פאַרנעמט טאַקע דער סאָציאַליזם אַ זייער אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, עס מאַכט גאָר ניט אויס וואָס פאַר אַ כונה דער קינסטלער האָט בשעת ער פאַרנעמט זיך באַלייכטן דורך זיין קינסטלערישער ליכט, דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל אָדער וועלכן עס איז איינציקן סאָציאַליסטישן קעמפער; עס מאַכט גאָר ניט אויס אויב אפילו דער נאָמען סאָציאַליסט ווערט אין דעם ווערק ניט דערמאָנט. אַט די גרויסע באַוועגונג, אָבער, פון פּראָלעטאַריאַט, דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן קאַמף, וועלכער קאָן בשום אופן פון סאָציאַליזם ניט אָפּגעטיילט ווערן — האָט זיין פּלאַץ אין דער קונסט שוין געפונען, און הויבט שוין איצט אָן דאָרט פאַרנעמען דעם אויבנאָן.*)

און ניט נאָר קאָן דער קינסטלער ניט פאַרבייגיין גלייכגילטיק דעם קלאַסן־קאַמף וואָס ער זעט און וואָס איז אַזאַ מעכטיקער פאַקטאָר פון דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן היינט צו טאָג, נאָר טאַקע אויך דערפאַר, ווייל דער קינסטלער אַלס מיטגליד פון דער געזעלשאַפט האָט אפשר פיל מער אורזאַכן פיינט צו האָבן דעם קאַפּיטאַליזם ווי אפילו דער פּראָלעטאַריער. די ליידן און די ערניעדרונגען וואָס דער קינסטלער מוז אויסשטיין פון קאַפּיטאַליזם. דאָס וואָס ער איז געצוואונגען צו פאַרקויפן זיין טאַלאַנט און נשמה, אָדער הונגערן און אונטערגיין, מאַכט דעם קינסטלער פאַר אַ נאַ־

---

*) זע, וו. פּ. קאַלווערטאָנס, „דהי ניועד ספּיריט" פאַרלאַג באָני ענד לאַווערייט.

טירלאַכן באַקעמפער פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג. ס'איז דערפאַר גאָר קיין צופאַל ניט, וואָס די קונסט איז שטענדיק געווען איינער פון די מעכטיקסטע פאַקטאָרן אין פאַרשפּרייטן אומצופרידנקייט מיט דער קעגנוואַרט, וואָס אומדירעקט, אָפט קעגן דעם קינסטלער'ס ווילן, האָט קונסט אימער געוועקט דעם רעוואָלוציאָנערן אויפער פון די מאַסן, און זיי געטריבן אין קאַמף פאַר אַ בעסערער און שענערער אָרדנונג.

עס איז פאַרן סאָציאַליזם גאָר ניט נויטיק, אַז דער קינסטלער זאָל ווערן אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט. ער איז שוין אַ פּראָפּאַגאַנדיסט דערמיט אַליין, וואָס ער איז אַ קינסטלער. די טבע פון דער קונסט איז צו מאַכן דעם מענטשן נאָבעלער און שענער, אויפהויבן אים אויף אַ העכערן גראַד מענטשלאַכקייט, און פאָלגלאַך, דערוועקן אין אים דעם הייסן פאַרלאַנג צו מאַכן שענער די וועלט, שאַפן אַ נייערע, בעסערע סביבה, אין וועלכער די מענטשלאַכע פערזענלאַכקייט זאָל זיך קאָנען אַנטוויקלען און אויסגעדריקט ווערן. פאַרשפּרייט קונסט — און איר פאַרשפּרייט סאָציאַליזם; וואָס מער קונסט, אַלץ מער קאַנדידאַטן פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרמיי.

איך ווייס, איר וועט צו מיר האָבן אַ טענה. „ניט דאָס מיינען מיר". ריידן וועגן קונסט און סאָציאַליזם מיינען מיר אייגנטליך ניט די שייכות צווישן דער קונסט און דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, הגם דאָס קאָן זיך זיין גאַנץ אינטערעסאַנט אַן און פאַר זיך, דער סאָציאַליזם אָבער איז ניט בלויז אַ באַוועגונג, דאָס איז דאָך אַ באַוועגונג באַזירט אויף אַ באַשטימטער סאָציאַל־פילאָסאָפישער סיסטעם, אויפן מאַרקסיזם. איר מאַרקסיסטן הערט דאָך ניט אויף צו דערציילן, אַז דער סאָציאַליזם דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ניט בלויז אַלס באַוועגונג נאָר אַלס געדאַנקען־סיסטעם, אַלס וויסנשאַפט, ווילן מיר טאַקע הערן, ווי אַזוי דערקלערט איר די קונסט דורך אייער וויסנשאַפט, ווי אַזוי קענט איר דערקלערן די קונסט דורך אייערע „עקאָנאָמישע פאַקטאָרן".

און ווען דער אָפּאָנענט ענדיקט די דרשה קוקט ער זיך אַרום אַזוי טריאומפירנדיק, ווי איינער רעדט, „אהא, דאָס קענט איר ניט".

דער אמת איז אז אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור איז די פראַגע שוין ניט איינמאָל באַהאַנדלט געוואָרן, און דער ענטפער געגעבן געוואָרן, איבערהויפּט האָט אין דער הינזיכט פיל אויפ־געטאָן פּלעכאַנאָוו. אָבער מאָדנע ווי דאָס זאָל ניט אויסזען, ווי פיל עס זאָל וועגן מאַרקסיזם ניט געשריבן ווערן, ווי פיל מאָל די אמת'ע פּאָזיציע פון מאַרקסיזם זאָל ניט קלאָר געמאַכט ווערן, וויל זיך דער עולם בשום אופן ניט אנטזאָגן פון זיינע אָנגענומע־נע פאַלשע מיינונגען וועגן מאַרקסיזם. ניט נאָר איז דאָס דער פאַל מיט די קענגער נאָר אויך מיט די פריינט, אָט דער פאַלשער, פאַרוואולגאַריזירטער מאַרקסיזם האָט זיך אפילו אריינגעריסן אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור, און פאַרנעמט דאָרט אַ גאַנץ אָנגעזעענעם אָרט.

אין וואָס באַשטייט אָט דער דאָזיקער „פּאָפּולערער" מאַרק־סיזם? ער קאָן סומירט ווערן אין איין זאַץ, „אַלץ וואָס פּאַסירט ווערט דעטערמינירט דורך עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, אין קיין אַנדער גאָט אויסער דעם עקאָנאָמישן פאַקטאָר איז ניטאָ". און ניט זעלטן גייט דאָס אַזוי ווייט, אַז אונטער דעם באַגריף „עקאָנאָ־מישע פאַקטאָרן" ווערט פּשוט פאַרשטאַנען די פּשוט'ע עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דעם יחיד, און דאַן ווערט דער מאַרקסיזם פאַר־וואַנדלט עפּעס אין אַ מין וואולגאַרער „מאָגן טעאָריע"*). נאָך דעם קומט אַ קריטיקער און באַווייזט, אַז די עקאָנאָמישע אינטערעסן (און מיינען מיינט ער מאָגן אינטערעסן) זיינען ניט די איינציקע אינטערעסן פון מענטשן — און דער מאַרקסיזם איז פאַרניכטעט.

דאָס איז דאָך מערקווירדיק! אין ערגעץ, דאַכט זיך, האָט זיך דער מאַרקסיזם ניט איינגעוואָרצלט אַזוי פעסט ווי אין דער אידיש סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אונזערע אַנטי־מאַרקסיסטישע סאָ־ציאַליסטן קאָן מען פּשוט אויף די פינגער איבערציילן און זייער ווירקונג איז — נול, און דאָך ווערט, דאַכט זיך, אין ערגעץ דער

*) אַ גוטן ביישפּיל פון אָט דעם סאָרט מאַרקסיזם קאָן דער לעזער געפינען אין ר. ר. לאַמאַנט'ס בוך „סאָשעליזם פּאָזיטיוו ענד נעגאַטיוו".

מאַרקסיזם אַזוי שלעכט ניט פאַרשטאַנען ווי ביי אונז אידישע סאָציאַליסטן. וואַרפט אַ בליק אויף דער אידיש־סאָציאַליסטישער ליטעראַטור. און איר וועט פאַרוואונדערט ווערן, ווי ווייניק גוטע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור מיר האָבן בכלל און ווי ווייניק גוטע ביכער וועגן מאַרקסיזם מיר האָבן. ערשט די גאָר לעצטע צייט האָט מען אָנגעהויבן איבערזעצן מאַרקס'ן אין אידיש (ענגעלס האָט זיך נאָך דערצו ניט דערהויבן. ווייזט אויס) און בכלל וויכטיקע ביכער וועגן מאַרקסיזם, אָדער געשריבן פון אַ מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט*). עס איז דערפאַר גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס דער מאַרקסיזם ווערט אַזוי ווייניק און אַזוי שלעכט פאַרשטאַנען ביי אונז. עס איז דערפאַר אויך גאָר קיין וואונדער ניט וואָס מיר הערן ניט אויף צו הערן די אַלטע טענה "ווי אַזוי דערקלערט איר אַלץ דורך עקאָנאָמישע פאַקטאָרן".

ווי אַזוי דערקלערן מיר אָבער פאָרט אַלץ דורכן עקאָנאָמישן פאַקטאָר? אויף דעם ענטפערט פּלעכאַנאָוו, „אמת'ע און קאָנסעקווענטע מאַטעריאַליסטן (פאַר פּלעכאַנאָוו'ן זיינען אמת'ע און קאָנסעקווענטע מאַטעריאַליסטן דאָס זעלבע וואָס מאַרקסיסטן) האָבן מאַקע קיין חשק ניט צו קריכן אומעטום מיטן עקאָנאָמישן פאַקטאָר און די פראַגע גופא, וועלכער פאַקטאָר הערשט אין דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן, ווייזט זיך אויס פאַר אַ גרונטלאָזע...

פון זינט עס איז דערשינען „די קריטיק פון די קריטישע קריטיקער" און איבערהויפּט פון זינט די וועלט האָט דערזען דעם באַקאַנטן בוך „צור קריטיק דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", האָבן זיך בלויז אָפּגעשטאַנענע מענטשן געקענט קריגן וועגן דער רעלאַטיווער באַדייטונג פון די פאַרשידענע סאָציאַל־היסטאָרישע פאַקטאָרן"...**) אַנאַליזירנדיק די טעאָריע פון פאַקטאָרן בכלל, קומט פּלעכאַנאָוו

---

*) איבערהויפּט טוט פיל אויף דעם געביט די קראָפּאָטקין ליטעראַטור געזעלשאַפט און די מאַרקס ליטעראַטור געזעלשאַפט.

**) ג. וו. פּלעכאַנאָוו — „די קריטיק פון אונזערע קריטיקער". ז. 310.

(בהסכם מיט לאבריאלא׳ן, ווענן וועמען דער ארטיקל איז געשריבן געוואָרן) צום פאָלגנדיקן שלום:

„א סאָציאַל־היסטאָרישער פאקטאָר איז אַן אבסטראַקציע, דער באגריף ווענן אים אנשטייט דורך אבסטראהירונג. א דאנק דעם פּראָצעס פון אבסטראהירן נעמען אַן פארשיידענע זייטן פון דער געזעלשאַפטלאַכער איינהייט דעם אויסזען פון אָפּגעזונדערטע קאטעגאָריעס, און די פארשיידענע דערשיינונגען און אויסדרוקן פון טעטיקייט פון דעם געזעלשאפטלאכן מענטשן, ווי מאָראַל, רעכט, די עקאָנאָמישע פאָרמען א אז. וו. ווערן אין אונזער מח פארוואַנדלט אין באזונדערע כחות, וועלכע זיינען, ווי אונז דאכט זיך, די אורזאכן פון די לעצטע*).

באמת פאַלט גאָר קיין מארקסיסט (וואָס האָט זיך נעגעבן די מיה צו שטודירן מארקס און ענגעלס׳ן) ניט איין צו דערקלערן אַלץ מיטן „עקאָנאָמישן פאקטאָר" און אָפּלייקענען די ווירקונג פון אַלע „אנדערע פאקטאָרן" קיין מארקסיסט צ. ב. ש. לייקנט ניט, אַז די הערשנדיקע באגריפן, לאָמיר זאָגן, פון רעכט און יושר, איבן אויס אַן איינפלוס אויף דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן, אַז די קונסט, די רעליגיע, די פילאָסאָפיע, ווירקן גאַנץ שטארק אויף דער טעטיגקייט פון דער געזעלשאַפט, פאַרקערט יעדער מארקסיסט פאָדערט טאקע, אַז ווען מען וויל פארשטיין א וועלכע עס איז געשיכטלאַכע פאסירונג, אָדער א געזעלשאַפטלאַכן צושטאַנד, מוז מען נעמען אין אנבאַטראַכט, ניט בלויז די „עקאָנאָמישע פאקטאָרן" נאָר מען מוז נעמען אין אנבאַטראַכט אויך אַלע אַנדערע, די ריין אידעאָלאָגישע פאקטאָרן, אריינגערעכנט. „צווישן די פאקטאָרן". זאָגט פּלעכאַנאָוו, וועלכער איז אַן ספק געווען דער בעסטער קענער און געטרייסטער אויסטייטשער פון מארקסיזם, „איז פאַראַן א קעגנזייטיקע ווירקונג: יעדער פאקטאָר ווירקט אויף אַלע איבעריקע, און ווערט אַליין פון דעם באווירקט". דעם פּלאַץ פון דער טעאָריע פון פאקטאָרן, מוז פאַרנעמען דער סינטעטישער בליק אויף דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

*) דאָרטן ז. 311.

הייסט דאָך דאָס, אַז איר זאָגט זיך אינגאַנצן אָפּ פון אייער מאַרקסיזם! עפּעס „אַ מאַרקסיזם אָן אַן עקאָנאָמישן פאַקטאָר איז דאָכט זיך קיין מאַרקסיזם ניט“. ניין, מיר זאָגן זיך פון גאָר ניט אָפּ, אויסער פון דער פאַלשער אויסטייטשונג פון מאַרקסיזם.

מאַרקס און ענגעלס האָבן זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, און דאָס איז איצט דער שטאַנדפּונקט פון אַלע מאַרקסיסטן, אַז מענטשן מאַכן זייער געשיכטע ניט דערפאַר, ווייל זיי שטרעבן צו אַ וועלכן עס איז פון פריער אָנגעצייכנטן וועג, אָדער ווייל זיי ווערן געטריבן דערצו דורך עפּעס אַבסטראַקטע געזעצן פון עוואָלוציע, נאָר בלויז שטרעבנדיק צו באַפרידיקן זייערע נויטן. אויב מיר זאָלן זיך וועלן באַנוצן מיט דער טעאָריע פון פאַקטאָרן וואָלטן מיר זאָגן אַז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין דער אַנט־וויקלונג פון דער געזעלשאַפט איז די נויט; די נויט אין ברייטסטן זין פון וואָרט. כדי מענטשן זאָלן קענען לעבן מוזן זיי שאַפן פאַר זיך מיטלען צום לעבן, גייסטיקע אַזוי גוט ווי מאַטעריעלע, און וואָס מער די געזעלשאַפט אַנטוויקלט זיך אַלץ מער וואַקסן די דאָזיקע נויטן. דער אופן ווי אַזוי די מענטשלאַכע געזעלשאַפט קאָן דאָ באַפרידיקן די דאָזיקע נויטן, און אָפּט אפילו די נויטן גופא, ווערן באַשטימט דורך די פּראָדוקציאָנס מיטלען וועלכע זיי באַזיצן, דורך זייער טעכניק*). די געזעלשאַפטלאַכע שייכות׳ן פון די מענטשן ענדערן זיך צוזאַמען מיט די ענדערונגען וואָס קומען אין די פּראָדוקציאָנס־מעטאָדן. די אידעאָלאָגיע פון דער געזעלשאַפט, איר קונסט, איר פילאָסאָפיע, איר רעליגיע, זיינען די אידעאָלאָגישע אָפּשפּיגלונג פון די געזעלשאַפטלאַכע צושטאַנדן, וואָס זיינען אַליין דער רעזולטאַט פון די פּראָדוקציאָנס באַדינגונגען. „דערפון איז קלאָר“, זאָגט ענגעלס, „אַז די טיפערע אורזאַכן פון די סאָציאַלע ענדערונגען און פּאָליטישע איבערקערענישן דאַרף מען זוכן ניט אין די מענטשלאַכע קעפּ, ניט אין זייער מער אָדער ווייניקער פאַרשטיין פון דעם אייביקן אמת און גערעכטיקייט, נאָר

*) זע לאַבריאָלאַ „עסייס אָן די מאַטעריאַליסטיק קאָנסעפּשאָן אָוו היסטאָרי“.

אין די פאַרענדערונגען פון פּראָדוקציאָנס און אויסטויש מיטלען, מיט אַנדערע ווערטער, ניט אין דער פילאָסאָפיע, נאָר אין דער עקאָנאָמיע פון דער באַשטימטער צייט. דער אויפגעוואַכטער באַוואוסטזיין וועגן דער אומפאַרנינפטיקייט און אומגערעכטיקייט, פון די הערשנדיקע געזעלשאַפטלאַכע שייכות'ן, די איבערצייגונג אַז דער פאַרנונפט איז געוואָרן אומזין און דאָס גוטע — שלעכט, איז בלויז אַ באַווייז אַז אין די פּראָדוקציאָנס און אויסטויש מיטלען איז בישלאַכווייז פאָרגעקומען ענדערונגען, וועלכע זיינען אויף אַזוי פיל באַדייטנד, אַז די געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו די אַלטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען — טויגן שוין ניט פאַר די נייע*). אין אַזאַ צייט הויבט זיך אָן פאַרענדערן דער גאַנצער אויסזען פון דער געזעלשאַפט, און דערמיט אויך די פאָרמען און דער אינהאַלט פון דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע.

דער מאַרקסיזם לייקנט ניט אָפּ, אַז אידייען שפּילן אַ גרויסע און וויכטיקע ראָליע אין דעם געזעלשאַפטלאַכן לעבן, אַז זיי זיינען אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דער געזעלשאַפטלאַכער עוואָלוציע. ער זוכט צו דערקלערן זייער אורשפּרונג און ווירקונג. אידייען פאַלן ניט אַרונטער פון הימל, זיי ווערן געבוירן אויף דער ערד, אין דער געזעלשאַפט און אין באַשטימטע צייטן, אונטער באַשטימטע אומשטאַנדן, נאַטירלאַך, מוזן זיי האָבן זייערע אורזאַכן. פאַר דעם היסטאָרישן אידעאַליסט איז די גאַנצע מענטשלאַכע געשיכטע, אַלע מענטשלאַכע טאַטן, די געלעזשאַפטלאַכע סביבה גופא אין וועלכער מענטשן לעבן, דער רעזולטאַט פון אידייען. און די אידייען גופא? זיי זיינען פון גאָר ניט פאַראורזאַכט, ווייל זיי זיינען דאָך אַליין די אורזאַכן פון אַלעס. דער אויסגעהאַלטענער אידעאַליסט מוז קומען עפּעס צו אַ מין מיסטיציזם. די אַלמעכטיקע אידייען ווערן ביי אים פאַרוואַנדלט אין עפּעס מיסטעריעזע, אומדערקלערבאַרע, איבערנאַטירלאַכע פאַקטאָרן, אונטער וועמעס קאַפּריזן מיר אַלע מוזן זיך אונטערוואַרפן. די קונסט איז זיכער אַ

*) פ. ענגעלס: דער סאָציאַליזם פון אוטאָפּיע צו דער וויסנשאַפט.

וויכטיקער, אָדער דער וויכטיקסטער טייל פון דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע, און פאָלגליך ווערט די קונסט פאַר דעם אידעאַליסט, אויך עפּעס אַ מיסטעריעזע, אומעדרקלערבאַרע זאַך, עפּעס וואָס שוועבט אין די הימלען, און וועגן וואָס מיר קענען קיין שום אַנונג ניט האָבן. און נאָך מער, שוין די פּראָבע אַליין צו דערקלערן קונסט דורך פּשוט'ע מאַטעריעלע פאַקטאָרן איז אַ פאַרברעכן!

פאַרן מאַרקסיסט איז אָבער אין דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע קיין שום מיסטעריעזעס ניטאָ. אידייען זיינען ניט מער ווי די אָפּשפּיגלונג פון דער ווירקלאַכקייט אין דעם מענטשלאַכן באַוואוסטזיין. וואָס פאַר אַ ווירקלאַכקייט אַזוינע אידייען, אַזאַ אידעאָלאָגיע. ווילן מיר ריכטיק פאַרשטיין די געזעלשאַפטלאַכע אידעאָלאָגיע פון אַ געוויסער עפּאָכע, מוזן מיר פריער פון אַלץ פאַרשטיין די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פון דער געזעלשאַפט אין וועלכער די באַשטימטע אידעאָלאָגיע איז אַנטשטאַנען, מיר מוזן פאַרשטיין די נויטן און באַדערפעֿנישן פון יענער געזעלשאַפט, ווייל די אידעאָלאָגיע, דאָס איז די אָפּשפּיגלונג פון יענער צייט, דער אויסדרוק פון די נויטן און באַדערפעֿנישן פון אַ באַשטימטער צייט, אונטער באַשטימטע אומשטענדן.

קיינער צווייפלט דאָך ניט, אַז דער מענטשלאַכער געדאַנק, די געזעלשאַפטלאַכע אידעאָלאָגיע, האָט זיך איר אייגענע געשיכטע. אַז אידייען, פונקט אַזוי גוט ווי אינסטיטוציעס, מאַכן דורך אַן עוואָלוציע. קומען, איבן אויס אַ גוואַלדיקן איינפלוס אויף דער געזעלשאַפט, ווערן אָפט דערקלערט פאַר אייביקע, אומפאַרענדבאַרע, און פאַרשווינדן נאָכדעם, לאָזן זייער פּלאַץ פאַר אַנדערע. יעדע עפּאָכע האָט זיך אירע אידייען. וואו זשע זאָלען מיר זוכען די אורזאַכן פאַר דאָס אַנטשטיין און פאַרגיין פון אידייען? אין דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, וועלכע ווערט אַליין באַשטימט אין דער לעצטער אינסטאַנץ דורך דער אַנטוויקלונג פון אירע פּראָדוקטיווע כחות.

איז די קונסט אַן אויסנאַם פון כלל? זיכער ניט. קיינעם וועט נאַטירלאַך ניט איינפאַלן אָפּצולייקענען אַז אויך די קונסט האָט איר געשיכטע, אַז אין פאַרשיידענע צייטן, אין פאַרשיידענע

היסטאָרישע עפּאָכען, נעמט אָן די קונסט פאַרשיידענע פאָרמען און איז אויסגעפילט מיט אַ פאַרשיידענעם אינהאַלט. ניט אומ־זיסט האָט די קונסט אימער געדינט פאַר דעם וויכטיקסטען מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער. קיין היסטאָריקער, וועלכער וויל רעפּראָדוצירען אַ געוויסע געזעלשאַפטלאַכע עפּאָכע קען זיך ניט באַגיין אָן דער קונסט פון יענער עפּאָכע. וואָרום? ווייל אין דער קונסט ווערט אָפּגעשפּיגלט דער **גאַנצער געזעלשאַפטלאַכער לעבן פון דער צייט**, אַלע פריידן און ליידן פון דער געזעלשאַפט, אַלע אירע שטרעבונגען, אַלע אירע נויטן און באַדערפעניסען, אין איר קאַמף פאַר זייער באַפרידיקונג. די קונסט, דאָס איז באמת דער שפּיגל פון לעבן, דער שפּיגל, וועלכער באַהאַלט אָבער דאָס בילד פון דער גע־זעלשאַפט פאַר די קומענדיקע דורות. ווייל מען, אַלזאָ, פאַרשטיין די קונסט פון אַ געוויסער צייט, מוז מען פאַרשטיין די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סביבה אין וועלכער זי איז אַנטשטאַנען.

אָבער די געזעלשאַפטלאַכע אידעאָלאָגיע איז באמת קיין מאָל ניט די אידעאָלאָגיע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט איז צעטיילט אין קלאַסן פון זינט פּריוואַט אייגנטום איז איינ־געפירט געוואָרן; זינט אין דער געזעלשאַפט האָבן זיך באַוויזן אָרימע און רייכע, און אַלס רעזולטאַט אונטערדריקטע און אונטער־דריקער, איז דאָס וואָרט „מענטשלאַכע געזעלשאַפט" געוואָרן אַ פוסטער קלאַנג. די געזעלשאַפט איז צעטיילט אין קלאַסן און יעדער קלאַס האָט זיינע אינטערעסן, זיינע נויטן, און פאָלגלאַך זיין אידעאָלאָגיע. ווען מיר זאָגען, אַז די אידעאָלאָגיע פון אַ גע־וויסער צייט שפּיגלט אָפּ דעם לעבן, די נויטן און אינטערעסן פון דער צייט מוזן מיר זיך נאָך פרעגן, וועמעס לעבן? וועמעס נויטן? פון וועלכן קלאַס? אין אַ קלאַסן־געזעלשאַפט מוז אויך די אידעאָ־לאָגיע זיין אַ קלאַסן־אידעאָלאָגיע. די אידעאַלן און אַספּיראַציעס וואָס ווערן אין אַ וועלכער עס איז אידעאָלאָגיע אויסגעדריקט, זיינען באמת בלויז די אידעאַלן און אַספּיראַציעס פון איין באַשטימטן קלאַס פון דער געזעלשאַפט. קיין איבער־קלאַסן אידעאָלאָגיע איז ניטאָ, פּונקט ווי עס זיינען ניטאָ קיין איבער־קלאַסן אינטערעסן.

אויך דאָ מוזן מיר צוגעבן, אַז די קונסט איז ניט קיין יוצא מן הכלל. די געשיכטע פון דער קונסט טראָגט אויף זיך גאַנץ בולט דעם שטעמפּל פון איר קלאַסן כאַראַקטער. די אידייען און אַספּיראַציעס וואָס ווערן פון דער קונסט אויסגעדריקט און דורך דער קונסט געפּריידיקט און פאַרשפּרייט זיינען ניט גלאַט אידייען און אַספּיראַציעס, אין דער וועלט אַריין, אַבסטראַקטע, איבער־קלאַסיקע. ניין, זיי זיינען די אידייען און אַספּיראַציעס פון אַ באַשטימטן קלאַס, אָדער אַ באַשטימטער גרופּע אין דער געזעל־שאַפט, וואָס פאַרנעמט אַ באַזונדערן אָרט אין דעם סאָציאַל־עקאָ־נאָמישן לעבן פון דער געזעלשאַפט.

יעדע קונסט איז אַן אינטערפּרעטאַציע פון לעבן. יעדער קינסטלער איז גלייכציימיק אויך, ביז אַ געוויסער מאָס, אַ פּריידי־קער. געוויס וועלן די קינסטלער קעגן אַזאַ באַהויפּטונג פּראָ־טעסטירן. אָה, ניין! די קונסט שטייט איבער אַזוינע זאַכן, דעם קינסטלער גייט בכלל ניט אָן, וואָס פאַר אַ אידייען, וואָס פאַר אַ בליק אויפן לעבן די „מאַסע" האָט. פאַרקערט, ער וויל גאָר ניט אַז די מאַסע, וועלכע ער פאַראַכטעט אין מערסטע פאַלן זאָל אָננעמען זיינע אידייען א. אז. וו. און ווען דער קינסטלער גיט אייך אָט די אַרגומענטן מעגט איר אים זיכער גלויבן, אַז ער מיינט דאָס גאַנץ ערנסט, ווייל עס איז בכלל ניט דעם קינסטלערס אויפגאַבע זיך פאַנאַנדערקלייבן אין סאָציאָלאָגישע פראַגן, און די פראַגע וועגן דער ווירקונג פון דער קונסט אויף דער געזעלשאַפט איז אַ ריין סאָציאָלאָגישע.

אָבער וויפל דער קינסטלער זאָל ניט פּראָטעסטירן בלייבט דאָך פאָרט אמת, אַז יעדער קינסטלער גיט אַ באַשטימטע אינ־טערפּרעטאַציע פון לעבן; ער „פּריידיקט" אומדירעקט, אומבאַ־וואוסט פאַר זיך אַליין, אַ געוויסן בליק אויפן לעבן, פּעסימיזם אָדער אָפּטימיזם, קאָמפּסלוסטיקייט אָדער מוטלאָזע רעזיגנאַציע, ער בענטשט די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג אָדער ער שעלט איר, גלייכגילטיק בלייבט ער ניט. פאַרקערט דער קינסטלער איז נאָך אין זיין „פּראָפּאַגאַנדע" ווירקזאַמער, ווייל ער טוט דאָס אומבאַ־וואוסטזיניק, און טאַקע דערפאַר ווייל דער לעצטער ווערט אויך

באַווירקט אומבאַוואוסטזיניק. די אַרגומענטן פון דעם אַגיטאַטאָר נעמט דער לעזער אָדער צוהערער אויף מיטן מוח, ער אַנאַליזירט זיי, איז מיט זיי מסכים אָדער ניט. יעדנפאַלס גיט ער זיך אָפּ אַ רעכענונג. דעם קינסטלערס „אַרגומענטן“, דעם קינסטלערס אינ־טערפּרעטאַציע פון לעבן, נעמט ער אָבער אָן מיט דער נשמה, מיטן הארצן. ער אַנאַליזירט זיי ניט, גיט זיך זעלטן אָפּ אַ רעכע־נונג, זיי גנב׳ענען זיך אריין אין זיין נשמה, און וואָס גרעסער עס איז דער קינסטלער אַלץ גרעסער און אַלץ אומבאַוואוסטזיניקער ווערט ער.

עס איז דערפאַר קלאָר, אַז ריידן וועגן דעם, אַז די קונסט שטייט איבערן לעבן, אָדער אָן אַ זייט פון לעבן איז אָן אומזין. די קונסט איז דער וויכטיקסטער טייל פון דער געזעלשאַפטלאַכער אידעאָלאָגיע, און זי האָט אַ וויכטיקע סאָציאַלע אויפגאַבע, צו ווירקן אויף די מענטשלאַכע מחות און דערמיט געבן אַ געוויסע ווענדונג צו זייער פּראַקטישער טעטיקייט. אין אַ קלאַסן געזעל־שאַפט, איז נאַטירלאַך אויך די קונסט אַ קלאַסן־קונסט. זי דריקט אויס די אידייען פון אַ באַשטימטן קלאַס, און איר ווירקונג איז אָפּט, אומבאַוואוסט פאַר איר אַליין, לטובת איין קלאַס, און פאָלג־לאַך קעגן די אינטערעסן פון אַ צווייטן קלאַס.

די אויפגאַבע פון דער סאָציאַליסטישער קריטיק מוז בנוגע דער קונסט זיין די זעלבע, ווי בנוגע יעדער אַנדער געזעלשאַפט־לאַכער אידעאָלאָגיע. די סאָציאַליסטישע קריטיק דאַרף זוכן אויפ־צודעקן אין דער קונסט איר סאָציאַלן מהות און קלאַסן־כאַראַקטער. די קונסט אַלס קונסט וועט דערפון ניט ליידן, אָבער דער קעמפנ־דיקער פּראָלעטאַריאַט וועט פיל געווינען.

# די קולטור און דער פראָלעטאַריאַט

פון יענער זייט איז צו אונז געקומען דער לאָזונג „נידער מיט דער בורזשואזער קולטור, זאָל לעבן די פראָלעטארישע קולטור!" אויף יענער זייט ים ווערט א נייַ לעבן געשאפן, און, נאטירלאך, א נייע קולטור, א נייע קונסט, אָדער, אפשר בעסער, נייע קולטור און קונסט פאָרמען. דאָרט ווערן זיי אויסגעוויינטאָקט, געבוירן אין בלוט און טרערן, דאָרט קומען זיי פון די טיפסטע טיפענישן פון דער פאָלקס־נשמה. אהער אָבער, צו אונז אין אמעריקע, ווערן זיי אריבערגעטראָגן פארטיקערהייט. מיר נעמען זיי איבער מיט דער זעלבער לייכטקייט, ווי מיר נעמען איבער נייע מאָדעס און קליידער, מער ניט — יענע קומען פון פאריז און די פון מאָסקווע.

קולטור ווערט ניט געשאפן „פער אָרדער"; קונסט — אודאי און אודאי ניט. מיט קיין רעזאָלוציעס קען מען קיין נייע קולטור פאָרמען ניט שאפן, און די שענסטע רעדעס וועגן פראָלעטארישער קונסט וועלן קיין קונסט ניט שאפן, פונקט אָבער אזוי קען מען ניט איבערנעמען פארטיקערהייט, מעכאניש, די קונסט און קולטור־פאָרמען, וואָס זיינען געשאפן געוואָרן ערגעץ אנדערש, אונטער אַנדערע אומשטענדן, מ'קען אימיטירן, אָבער אפילו די בעסטע אימיטאציע איז ניט מער ווי אימיטאציע.

אין דער פראָלעטארישער רוסלאנד ווערט געשאפן א פראָלעטארישע קולטור, א פראָלעטארישע קונסט — גוט, מסכים, הגם עס איז נאָך שווער, זייער שווער, צו זאָגן עפעס באשטימטעס וועגן אָט דער נייער קונסט און קולטור, אָבער צוגעבן אז יאָ, איז וואָס מיינט דאָס פאר אונז „ווילן מיר אויך א פראָלעטארישע קולטור?" וואו, אין דער בורזשואזער אמעריקע?

מ׳מאַכט געוויינטלאַך אַ טעות, מ׳אידענטיפיצירט קולטור מיט קונסט גאָר אפשר מיט פּאָעזיע. אָבער עטלאַכע פּראָלעטאַרישע פּאָעטן, עטלאַכע שרייבער, וואָס מאָלן די פריידן און ליידן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, שאַפן נאָך קיין פּראָלעטאַרישע קונסט ניט. הגם זיי זיינען פון זייער גרויסן ווערט און באַדייטונג פאַר דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. דאָס אָבער איז נאָך קיין פּראָלע־טאַרישע קולטור ניט, קולטור איז אַ פיל, פיל ברייטערער באַגריף ווי קונסט. קולטור איז אידענטיש מיט לעבן, אונטער קולטור ווערן פאַרשטאַנען די פאָרמען פון לעבן און דיינקען פון אַ גע־געבענער געזעלשאַפט — אַ פּראָלעטאַרישע קולטור אין אַ בורזשו־אַזער לאַנד איז אַ ווידערשפּרוך אין זיך. דאָס מיינט ניט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט אין דער איצטיקער געזעלשאַפט קיינע באַזונדערע קולטורעלע אויפגאַבן, געוויס האָט ער זיי. ער דאַרף שאַפן די רויע מאַטעריאַלן פאַר דער צוקינפטיקער פּראָלעטאַרישער קולטור, ער דאַרף דערציען דעם פּראָלעטאַריאַט אַז ער זאָל קענען ווערן דער טרעגער פון דער נייער קולטור. אין אָט דער דאָזיקער דערציאונגס אַרבעט מוז ער זיך באַנוצן מיט דער בורזשואַזער קולטור, ברייגנען איר צום פּראָלעטאַריאַט, אויסנוצן איר.

דער טעות איז, וואָס אַ סך מיינען, אַז מיר פירן אַ קאַמף קעגן דער איצטיקער קולטור, קעגן דער איצטיקער קונסט. דער נייער נביא, אָדער אפשר בעסער, פאַלשער נביא פון דער פּראָלע־טאַרישער קונסט, מ. ל. האַלפּערן, האַלט רעדעס פאַר אַרבעטער וואו ער ראַט זיי פאַרברענען, פאַרניכטן די בורזשואַזע קולטור. די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע אַרבעטער אַפּלאָדירן, רופן אים „אונ־זער פּראָלעטאַרישער דיכטער“, מיינען, אַז ער איז גאָט ווייסט ווי רעוואָלוציאָנער. ניין, אַזוי רעדט ניט קיין רעוואָלוציאָנער. מיר ווילן ניט פאַרניכטן די קולטור, מיר ווילן איר איבערנעמען. אונזער טענה איז, וואָס די אַלע קולטורעלע אוצרות זיינען פון דעם פּראָלעטאַריאַט באַהאַלטן, ער האָט צו זיי קיין צוטריט ניט, ער האָט פון זיי קיין הנאה ניט, זיי דינען אים ניט.

פּלאַטאָן און קאַנט און בערגסאָן וועלן שטודירט ווערן אויך נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָמער, שעקספּיר, היינע און

געטע וועלן געלייענט ווערן אויך נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מיר ווילן זיי ניט פאַרניכטן, פונקט ווי מיר ווילן ניט פאַרניכטן די מאַשינען און פאַבריקן און אייזנבאַנען, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט געשאַפן, ניט פאַרניכטן, נאָר איבערנעמען. אַנשטאָט דעם, וואָס זיי זיינען דער קוואַל פון רייכטום און פאַר־גניגן פאַר אַלעמען. דאָס זעלבע איז חל אויך אויף די אַלע אוצרות פון מענטשלאַכן גייסטיקן שאַפן. דער פּראָלעטאַריאַט איז דער נאַטירלאַכער יורש פון דער איצטיקער געזעלשאַפט און אַ נאַ־רישער יורש וואָלט ער זיין, ווען ער זאָל פריער זיין גאַנצע ירושה פאַרברענען ווייל אין איר זיינען אויך דאָ פּסולת! ווער עס ראַט אונז פאַרניכטן די קולטור, איז ניט אונזער פריינט, נאָר אונזער שונא, הגם ער מעג דאָס אפשר אַליין גאָר ניט וויסן. מ. ל. האַלפּערן איז ניט קיין פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָנער, נאָר אַן אויפגעבונ־טעוועטער אינטעליגענט, אָבער אָט די אויפגעבונטעוועטע אינטע־ליגענטן זייענדיק אַ ברכה פאַר דער ליטעראַטור (זיי זוכן שטענדיק נייע וועגן) זיינען גאַנץ אָפט אַ קללה פאַר דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, אויב זיי טוען זיך אָן אין פּראָלעטאַרישע מאַסקעס.

מיט וואָס איז מ. ל. האַלפּערן אַ פּראָלעטאַרישער דיכטער? דער פּראָלעטאַרישער דיכטער איז דער, וואָס קען דעם פּראָלע־טאַריער, קען זיינע ליידן און פריידן, קען זיין נשמה ניט פון ביכער, ניט פון געהערט און געזען, נאָר פון אינערלאַכער דערפאַרנוג. דער פּראָלעטאַרישער דיכטער, מוז זיך קענען אריינלעבן אין דער פּראָ־לעטאַרישער נשמה, דאַרף זיין מיט איין ווארט אַליין, גייסטיק אַ פּראָלעטאַריער. מוז קענען סיי זיך, סיי די וועלט — ווי אַ פּראָלעטאַריער. אַנדערע האָבן אים פיינט, האָט האַלפּערן רחמנות אויף אים אָבער די פּראָלעטאַרישע נשמה איז פאַר אים אַ פאַרזיגלט בוך. האַלפּערן קען דעם פּראָלעטאַריער בלויז אָביעקטיוו, פאַר אים איז באמת דער פּראָלעטאַריער ניט מער ווי דער שאַבלאָנער „גראָ־בעריונג" וואָס רעדט גראָבע ווערטער". נאָר וואָס דען? אַנשטאָט וואָס אַנדערע אינטעליגענטן פאַראַכטן דעם גראָבן יונג, אַכטעט אים האַלפּערן; אַנשטאָט וואָס אַנדערע האָבן אים פיינט, האָט האַלפּערן רחמנות אויף אים, נעמט זיך אָן זיין קריוודע. צווישן די שורות

פון האַלפּערנ׳ס פּראָלעטאַרישע (?) לידער, לייענט איר „נו, וואָס איז ער דען שולדיק אַז ער איז אַן עם־הארץ? אַז ער רעדט גראָבע רייד, איז ער דערפאַר קיין מענטש ניט?“ איך מוז זיך מודה זיין, אַז ווען איך לייען האַלפּערנ׳ס „גראָבע ווערטער, לידער“ פיל איך זיך באַליידיקט, און דאַכט זיך, אַז יעדער אינטעליגענטער פּראָלעטאַריער (קיין אַנדערע לעזן דאָך דאָס ניט) מוזן פילן דיזעלבע באַליידיקונג.

שוין נמאס געוואָרן האַלפּערינ׳ען, אָט די אַלע סענטימענטאַלע אויסגוסן וועגן לבנה און שטערן, וועגן ליבע און בלומען. גערעכט, עס איז שוין טאַקע דערעסן. דער אומגליק אָבער איז, וואָס האַלפּערן איז קעגן די אַלע זאַכן צוליב עפּעס אַנדערש, ווייל ווי קומט אַ פּראָלעטאַריער צו אַזעלכע זאַכן? ! דער אינהאַלט פון דעם פּראָלעטאַריערס נשמה ווי האַלפּערן זעט אים, איז די נשמה פון אַן אונטערדריקטן, עקספּלואַטירטן גראָבן יונג, וועלכער איז אין כעס אויף זיין באַלעבאָס, אויף זיין ווייב, אויף זיינע פירער און... איבערהויפּט אויף די אינטעליגענטן מיט די ווייסע הענט. אַף וועמען, ווי עס ווייזט אויס, ער איז אייפערזיכטיק; אין זיין כעס דריקט ער אויס אויף זיין טיפּיש־פּראָלעטאַרישן אופן: דורך גראָבע ווערטער. דער אמת איז, אַז אָט די גראָבע ווערטער, וואָס באַצירן האַלפּערנ׳ס פּריידייט־לידער, ווערן ניט געברויכט פון אַרבעטער בכלל, נאָר בלויז פון אַ געוויסן טיפּ אַרבעטער, ביים קאָרטן טישל און אין שיינק. אויב האַלפּערן וועט זיין ערפאָלגרייך וועט מען אפשר איצט אָנהויבן געברויכן זיין שפּראַך ביי מיטינגען, — מיט פּראָלעטאַרישער קולטור וועט עס אָבער קיין שייכות ניט האָבן, ניבער וועט דאָס פאַרגרעסערן די פּראָלעטאַרישע קולטורלאָזיקייט.

מיר ווילן אַ פּראָלעטאַרישע קולטור! אָבער אַ קולטור זאָל דאָס זיין, „מיר ווילן אַ פּראָלעטאַרישע קונסט!“ גאַנץ גוט, אָבער פריער פון אַלץ מוז דאָס זיין קונסט. אין נאָמען פון פּראָלעטאַרישער קולטור, ווערט אָבער פאַרשפּרייט קולטורלאָזיקייט, אַ האַס צו דער אינטעליגענץ, און צו אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער אינטעליגענץ; ווערט געשאַפן אַ מין פּרינציפּיעלע עם הארצות. און דאָס איז פאַר דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג פּאָזיטיוו שעדלאַך.

# באָראָכאָוו דער מאַרקסיסט

דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם איז מעגלאַך נאָר דאַמאָלט, ווען דער ציוניזם קען רעאַליזירט ווערן דורך קלאַסן־קאַמף, און דער ציוניזם איז מעגלאַך נאָר דעמאָלט, ווען עס איז מעגלאַך דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם. אויב ווידער, דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין באַזונדערע וועגן צו פאַרווירקלאַכן דעם ציוניזם, איז אין אַזאַ פאַל דער ציוניזם אַ פוסטער חלום.

ב. באָראָכאָוו. — „אונזער פּלאַטפאָרם“.

1

קיין מאָל האָט זיך ניט געפילט אַזוי שטאַרק די גרויסע באַדייטונג פון אונזער פרי־פאַרשטאָרבענעם חבר און לערער ב. באָראָכאָוו ווי איצט. און מיר דאכט זיך, אַז אין קיין אַנדער לאַנד איז ניטאָ אַזאַ שטאַרקע נויטווענדיקייט צו פאַרשפּרייטן און פּאָפּולאַריזירן באָרוכאָווס געדאַנקען ווי ביי אונז אין אַמעריקע. אַ דאַנק אורזאַכן, אויף וועלכע מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן איז דער פּועלי ציוניזם אין אַמעריקע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס, וואָס איז פּונקט זיין קעגנזאַץ. דער פּועלי ציוניזם אין אַמעריקע האָט פּאַקטיש אויפגעהערט צו זיין „דער סאָציאַליזם פון אידישן פּראָלעטאַריאַט“, די פּועלי ציון באַוועגונג האָט אויפגעהערט צו זיין „דער אויסדרוק פון די קלאַסן־אינטערעסן פון די אידישע אַרבעטער“. מיט איין וואָרט, דער אַמעריקאַנער פּועלי ציוניזם האָט אָנגעוואָרן זיין קלאַסן־כאַראַקטער און איז געוואָרן די זאַך פון כל־ישראל. אין דער פּועלי ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, מינדליכער אַזוי גוט ווי שריפטלאַכער, הערן זיך בלויז אַזוינע פרעמדע געדאַנקען, ווי די „אינטערעסן פון אידישן פאָלק“, „די איינהייט פון אידישן פאָלק“, „דער נאַציאָנאַלער גייסט“, און מען רעט שוין זאָגאָר וועגן דער אויפהאַלטונג פון „דער אוניווערסאַלער אידעע פון יודאאיזם“ — דער פּועלי ציוניזם איז געוואָרן ניט מער ווי אַ ראָמאַנטישער חלום פון אידעאַליסטישע נאַציאָנאַליסטן, וועל־

בע זיינען גרייט מקריב זיין זייערע קלאַסן־אינטערעסן פאַר די אינטערעסן פון כל־ישראל. די אַמעריקאַנער פּועלי ציון האָבן פאַרגעסן דעם אלף־בית פון פּועלי ציוניזם.

וואָס שטאַרקער עס איז אונזער אַנטוישונג אין דעם אַמעריקאַנער פּועלי ציוניזם, וואָס ווייטער עס ווילט זיך אונז אַנטלויפן פון דעם וואולגאַרן כל־ישראל־גייסט, וואָס איז אין אונזער באַוועגונג אריינגעטראָגן געוואָרן, אַלץ מער דערפילן מיר די גרויסקייט פון באָראָכאָווס אויפטו און די נויטווענדיקייט באָראָכאָווס געדאַנקען וואָס מער צו פאַרשפּרייטן.

פאַר באָראָכאָוון איז דער פּועלי ציוניזם ניט געווען קיין טרוים וועגן דער אויפהאַלטונג פון דער אידישער נאַציע און פון אידישן גייסט. פאַר באָראָכאָוון איז דער פּועלי ציוניזם בלויז דער אויסדרוק פון די קלאַסן־אינטערעסן פון דעם אידישן אַרבעטער. דער פּועלי ציוניזם דאָס איז פאַר באָראָכאָוון בלויז דער סאָציאַליסטישער ענטפער אויף די נויטן און באַדערפנישן פון דעם אידישן אַרבעטער. זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז ניט די נאַציע, נאָר דער קלאַס. באָראָכאָוו זאָגט:

> מיר זיינען סאָציאַל־דעמאָקראַטן און מיר זיינען אידן. אונזער נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיין איז נאַטירלאַך, נעגאַטיוו — ער טראָגט אַ באַפרייאונגס־כאַראַקטער; ווען מיר וואָלטן געווען אַ פּראָלעטאַריאַט פון אַ פרייער נאַציע, וואָס אונטערדריקט ניט און ווערט ניט אונטערדריקט, וואָלטן אונז לחלוטין ניט אינטערעסירט די פראַגן פון נאַציאָנאַלן לעבן, און אפילו איצט, ווען מיר האָבן אונטער׳ן דרוק פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן באַקומען אַ נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיין קימערן אונז ווייניקער די פּראָבלעמען פון דער גייסטיקער קולטור, די פראַגע וועגן אויפהאַלטן די נאַציע און איר אייגנהייט און אַזוי ווייטער, ווי איר סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעם: אַ רעאַלער נאַציאָנאַליזם, פריי פון וועלכער עס איז קולטוריסטישער ביימישונג.

באָראָכאָוו איז פריער פון אַלעס אַ וויסנשאַפטלאַכער סאָציאַליסט, ניט אין דעם וואולגאַרן זין אָבער, וואָס דער וויסנשאַפטלאַכער

סאָציאַליזם האָט אָנגענומען אויף דער אידישער גאַס. באָראָכאָוו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער ווויסנשאַפטלאַכער סאָציאַליזם איז ניט קיין „פּעטענט מעדיצין", וועלכער איז גלייכצייטיק גוט פאַר אַלעמען און אַלעס. באָראָכאָוו האָט שטענדיק אין זינען, אַז דער מאָדערנער סאָציאַליזם אונטערשיידט זיך איבערהויפּט פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם דערמיט, וואָס ער ברענגט ניט קיין פּאַרטיקע רפואה פאַר יעדער מכה. וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן הויפּטזאַכלאַך אויפגעטאָן פאַרן סאָציאַליזם, באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבן באַוויזן, אַז דער סאָציאַליזם איז ניט עפּעס אַ גענ'יאַלער פּלאַן, וואָס איז אַנשטאַנען אין דעם קאָפּ פון אַ וועלכן־עס־איז גרויסן דענקער, נאָר דער רעזולטאַט פון אַ גענויער אונטערזוכונג פון די כחות און מעגלעכקייטן פון דער געזעלשאַפט. דער סאָציאַליזם — דאָס איז דער ענטפער אויף די נויטן און פּראָבלעמען פון דעם אַרבעטער־קלאַס. דערפון אָבער איז דאָך קלאָר, אַז אויב די אַרבעטער פון אַ געוויסער נאַציע אָדער לאַנד האָבן ס פּ ע צ י ע ל ע נויטן און באַדערפנישן, מוז דער סאָציאַליזם געבן זיין סאָציאַליסטישן ענטפער אויך אויף זיי. אין דעם זין איז דער סאָציאַליזם נאַציאָנאַל. הגם ער איז אינטערנאַציאָנאַל אין זיין ענד־ציל, אנערקענענדיג איינעם און דעם זעלבן ענד־ציל, מוז אָבער יעדע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון יעדער לאַנד באַזונדער, אויסאַרבעטן איר ספּעציעלע פּראָגראַם־מינימום, וועלכע זאָל געבן אַן ענטפער אויף די באַזונדערע נויטן און באַדערפנישן פון דעם אַרבעטער־קלאַס, וועלכן זי רעפּרעזענטירט. דער אידישער סאָציאַליזם דאַרף, פאַרשטייט זיך, ניט זיין קיין אויסנאַם. אויך דער אידישער סאָציאַליזם, אננעמענדיק דעם זעלבן ענד־ציל ווי אַלע כאָציאַליסטן, מוז אָבער גלייכצייטיק געבן אַן ענטפער אויף די ספּעציעלע נויטן און באַדערפנישן פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט. די אידיש־אַסימילאַטאָרישע, אַזוי גוט ווי די האַלב־נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען, ווי צ. ב. ש. דער בונד אין רוסלאַנד און די אידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע אין אַמעריקע האָבן דאָס ניט געטאָן. אָנשטאָט זיך באַנוצן מיט דער מאַרקסיסטישער פאָרשונגס־מעטאָדע, אונטערזוכן די אידישע ווירקלאַכקייט, אויסגעפינען די נויטן און

באַדערפעניש פון די אידישע ארבעטער און געבן אויף זיי זייער סאָציאַליסטישן ענטפער, האָבן די אידיש־שפּרעכנדיקע סאָציאַ־ליסטן זיך בעסער געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון די סאָציאַליסטן אוטאָפּיסטן, און אין באַצוג צו די קלאַסן־אינטערעסן פון דעם אידישן פּראָלעטאריאַט, האָבן זיי אָנגעווענדעט די מעטאָדע פון די אוטאָפּיסטן.

דער הויפּט־כאַראַקטער־שטריך פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָ־ציאַליזם לויט נאָך ענגעלסן איז, וואָס ביי זיי איז „דער סאָציאַליזם געוועזן דער אויסדרוק פון אייביקן אמת'ן שכל און גערעכטיקייט, מען דאַרף אים בלויז אַנטדעקן, כדי ער זאָל מיט זיין אייגענעם כח באַזיגן די גאַנצע וועלט. אַזוי ווי אָבער אַבסאָלוטע אמת'ן זיינען ניט אָפּהענגיק פון צייט און פּלאַץ און פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט, איז דאָס בלויז אַ צופאַל ווען און וואו זיי ווערן אַנטדעקט". לייענענדיק אָט דעם אויסצוג פון ענגעלסן, דאַכט זיך אונז אַלע מאָל, אַז דאָס האָט ענגעלס טאַקע ספּעציעל אין זינען געהאַט די אידישע גענאָסן. ווייל וואָס טוען דען אונזערע גענאָסן? זיי נעמען אָן אַ פּאַרטיקע פּראָגראַם, וועלכע איז „אַנטדעקט געוואָרן" פון אַ זייער קלוגן און גוטן מענטשן, לאָמיר זאָגן פון אַזאַ ווי פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי אָדער איצט מסתמא לענין, און ברייננגען דאָס פּאַרטיקערהייט צום אידישן פּראָלעטאַ־ריאַט. זיי פאַלט גאָר ניט איין, אַז אַ פּראָגראַם, וואָס איז אויס־געאַרבעט געוואָרן פאַר דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז דער רעזולטאַט פון און צוגעפּאַסט צו דער לאַגע, אין וועלכער דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך און זוכט צו פאַרענטפערן די נויטן, וועלכע זיין לאַגע באַשאַפט. און דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ פּראָגראַם, וואָס ווערט אויסגעאַרבעט פון און פאַר די דייַ־טשישע אָדער פראַנצויזישע אָדער אַמעריקאַנישע ארבעטער.

דער אידישער פּראָלעטאַריאַט געפינט זיך אָבער אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע. די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטענדן, אונטער וועלכע ער לעבט און אַנטוויקלט זיך, זיינען אַנדערע ווי די פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַ וועלכער עס איז אַנדער נאַציע. פאָלגלאָך האָט דאָך געמוזט זיין סאָציאַליסטישע פּראָגראַם אויך זיין אַן

אַנדערע, אַ ספּעציעל צוגעפּאַסטע צו זיין באַזונדערער לאַגע, וואָס יאָל פאַרענטפערן זיינע באַזונדערע, ספּעציפישע אינטערעסן. דאָס איז, דאַכט זיך, קלאָר פאַר יעדן וויסנשאַפטלאַכן סאָציאַליסט, אָבער ניט פאַר דעם אידישן סאָציאַליסט. אָננעמען דעם שטאַנדפּונקט פון וויסנשאַפטלאַכן סאָציאַליזם אין באַצוג צו די ספּעציעלע אינטערעסן פון די אידישע אַרבעטער, מיינט אויפהויבן די נאַציאָנאַלע פראַגע, פאַר וועלכער דער אידישער געגאָסע האָט מורא, ווי דער טייוול פאַר ווייררויך. דאָס מיינט מאַכן אַ ספּעציעלן שטודיום פון די ספּעציעלע (נאַציאָנאַלע) נויטן און באַדערפענישן פון דעם אידישן אַרבעטער, און דאָס איז בכלל צופיל אַרבעט. נעמט מען בעסער אָן די לייכטערע מעטאָדע פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליסט, מען קלייבט זיך אויס אַ פאַרטיקע פּראָגראַם, און מען ברייגגט איר דעם אידישן אַרבעטער — און פּטור פון אַ צרה!

באָראָכאָוו איז אָבער פעסט געשטאַנען אויפן מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט. פאַר אים איז קלאָר געווען, אַז בלויז דער מאַרקסיזם, האָט אונז געגעבן אַ שליסל צו דער אידן־פראַגע, און בלויז דער מאַרקסיזם, אָנגעווענט אויף דער אידישער ווירקלאַכקייט, קען אונז דערמעגלאַכן צו געפינען דעם סאָציאַליסטישן ענטפער אויף די ספּעציפיש־נאַציאָנאַלע נויטן פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט.

„אונזער ענד־ציל", זאָגט באָראָכאָוו, „איז דער סאָציאַליזם, די פאַרגעזעלשאַפטליכונג פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, די פאַרבייטונג פון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציאָנס־פאָרמען אויף קאָמוניסטישע. דער איינציקער וועג, וועלכן אונזער פּאַרטיי אָנערקענט איז דער קלאַסן־קאַמף פון אידישן פּראָלעטאַריאַט אין די רייען פון דער אַלוועלטלאַכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". אויף אַזוי ווייט גייט אונזער פּראָגראַם מאַקסימום האַנט אין האַנט מיט דעם ענדציל פון יעדער אַנדערער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער אידישער פּראָלעטאַריאַט האָט אָבער נאָך אַ קאַמף אָנפירן, דאָס איז זיין נאַציאָנאַלער קאַמף, דער אידישער אַרבעטער ווערט אונ־

טערדריקט נאַציאָנאַל, זיין קלאַסן־קאַמף ווערט אוממעכטיק, א דאַנק דעם נאַציאָנאַלן דרוק. פאַרמאַכן אויף דעם די אויגן האָט קיין זין ניט. באָראָכאָוו צייגט דערפאַר גאַנץ אָפט אָן אויף דעם דואַליזם פון אידישן קלאַסן־קאַמף. אין „אונזער פּלאַטפאָרם" זאָגט ער:

> פאַר'ן אידישן פּראָלעטאַריאַט שטעלן זיך אַוועק אומגעהויערע גרויסע אויפגאַבן — די סאָציאַלע פּראָגראַם, די פאַרניכטונג פון דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, וואָס שטערט דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע כחות פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, און די באַזייטיקונג פונ'ם נאַציאָנאַלן דרוק, וועלכער איז ניט קיין קלענערע שטערונג.
>
> (ז. 144, אידישע איבערזעצונג)

ביידע זיינען גלייך וויכטיק, ביידע מוזן אויסגעקעמפט ווערן. און וואָס איז נאָך וויכטיקער, ביידע קומען אַרויס פון איין מקור.

> אונזער אויסגאַנגס־אינטערעס איז אינגאַנצן איינגעשלאָסן אין דער אַנטוויקלונג פון אידישן פּראָלעטאַריאַט. אונזער שטאַנדפּונקט שליסט אויס אַ כלל ישראל פּראָגראַם; אונז אינטערעסירט די אַנאָמאַליע פון גאַנצן אידישן פאָלק בלויז אַלס אָביעקטיווע אויפקלערונג פון די אורזאַכן, וועלכע באַשטימען (רופן אַרויס) די ווידערשפּרוכן אינם לעבן פון דעם אידישן אַרבעטער. אָבער די סוביעקטיווע מיטווירקונג פון אונזער פּראָגראַם גייט אַרויס בלויז פון די קלאַסן־אינטערעסן פון דעם קעמפנדיקן אידישן פּראָלעטאַריאַט.

וואָס זיינען די ספּעציעלע נויטן און באַדערפענישן פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט? א דאַנק פאַרשידענע אורזאַכן, וועלכע באָראָכאָוו רעדט גאַנץ ברייט אַרום אין זיינע פאַרשידענע פּועלי ציוניסטישע שריפטן, איז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט פאַרבליבן דרויסן פון די וויכטיקסטע אינדוסטריען. אין זיין אויסגעצייכנטער אַרבעט וועגן דער „עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק" (אַרבעטער צייטונג נומ. 6 און 7 — 1918), דערקלערט ער דאָס

אמבעסטן. אויפ'ן גרונד פון פילע היסטאָרישע און סטאַטיסטישע באווייזן, קומט ער צום שלוס, אַז:

> די אידן זיינען דערווייטערט געראַד פון די וויכטיקסטע, פון די זיכערסטע, פון די איינפלוסרייכסטע צווייגן אין דער פּראָדוקציע, — פון יענע צווייגן, אַרום וועלכע עס דרייט זיך די ראָד פון דער געשיכטע. אנשטאָט אַריינצודרינגען אינם געזונטן, קרעפטיקן צענטער פונם עקאָנאָמישן לעבן, פאַרשפּרייטן זיך די אידישע מאַסן אויף זיין פּעריפעריע, אויף זיין אויבערפלעך...

דאָס, פאַרשטייט זיך, שאַפט אַן אומנאָרמאַלע לאַגע פאַר דעם אידישן אַרבעטער־קלאַס. ווייל אַט די אינדוסטריען, אין וועלכע די אידישע אַרבעטער זיינען אַם מערסטנס באַשעפטיקט, זיינען די אַמווייניקסטנס אַנטוויקלטע, ווערן די אידישע אַרבעטער אָפּ־טער ווי אַלע אַנדערע אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט דורך דעם אַריינקומען פון נייע מאַשינען און ערפינדונגען. אָבער, אויסער דעם, קען דער אידישער קלאַסן־קאַמף ניט שפּילן די ראָליע, וועלכע ער דאַרף, ווייל נאָך אַלעמען איז די געזעלשאַפט ניט שטאַרק אָפּ־הענגיג פון די דאָזיגע אינדוסטריען, און פאָלגלאַך קענען די אַר־בעטער, וואָס זיינען אין זיי באַשעפטיגט, אויך ניט שפּילן קיין גרויסע ראָליע. די סטראַטעגישע פּאָזיציע (באַזע), וועלכע דער אידישער אַרבעטער פאַרנעמט, איז אַזאַ שוואַכע, אַז זי מאַכט צו גאָר ניט זיין קלאַסן־קאַמף. אָט דער טיפער און זייער וויכטיקער געדאַנק ווערט אַרויסגעזאָגט פון באָראָכאָוו'ן אין „אונזער פּלאַט־פאָרם" אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

> די סטראַטעגישע באַזע פונם אידישן פּראָלעטאַריאַט איז ניט צופרידנשטעלנד ניט אין דער עקאָנאָמישער, ניט אין דער פּאָליטישער הינזיכט. דער עקאָנאָמישער קאַמף פון דעם אידישן אַרבעטער איז זייער ערפאָלגרייך אין דער ברע־נענדער סעזאָן־צייט, ווען די באַלעבאַטים זיינען געצוואונגען נאָכצוגעבן, כדי ניט צו פאַרלירן קיין צייט. דערפאַר, ווען דער סעזאָן איז פאַריבער, קערן זיך די באַלעבאַטים אום דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרלאָרן; ביזן נעקסטן סעזאָן פאַרשווינדן

די פּרוכטן פונם עקאָנאָמישן קאַמף און די אַרבעטער קומט אויפס־ניי אויס צו פירן דעמזעלבן קאַמף, כדי צום צווייטן מאָל צו דערגרייכן די זעלבע ניט זיכערע רעזולטאַטן. און נאָך ווייניקער צופרידנשטעלנדיק איז די אידישע סטראַטעגי־שע באַזע אין דעם פּאָליטישן זין — אין דער פּאָליטישער ווירקונג פונם קאַמף פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט. אַזוי ווי ער איז כמעט אינגאַנצן באַשעפטיקט אין דער פּראָדוקציע פון געברויך־מיטלען; אַזוי ווי ער פונקציאָנירט ניט אין קיינער פון די ערשטע סטאַדיען פון די ווירטשאַפטלאַבע פּראָצעסן, האַלט ניט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט אין זיינע הענט קיין איינציקן גרונד־פּאָדיום פון דער ווירטשאַפט פון דעם לאַנד, אין וועלכן ער לעבט. אויף אַזאַ אופן מוז זיין ווירקונג אויפן אַלגעמיינעם גאַנג פון לעבן זיין זייער באַ־שרענקט. ער איז ניט פיזיק מיט איין קלאַפּ אָפּצושטעלן דעם גאַנצן ווירטשאַפטלאַכן מעכאַניזם, ווי דאָס קענען טאָן די אייזנבאַן־אַרבעטער און אַנדערע אַרבעטער, וואָס זיינען אין אַ בעסערער לאַגע. אים עקספּלואַטירט ניט דער גרוי־סער קאַפּיטאַל, נאָר אויסשליסליך דער מיטעלער, וועמענס ראָלע אין דער פּראָדוקציע איז אויך אומבאַדייטנד. ווען דער אידישער פּראָלעטאַריער פּאַראַליזירט מיט זיין קאַמף די טעטיקייט פונם קאַפּיטאַל, וואָס עקספּלואַטירט אים, קען ער ניט אַרויסרופן קיין מער אָדער ווייניקער פערטורבאַציעס אין לאַנד. ער האָט קיין כח ניט אויסצוקעמפן אפילו זיינע גערעכטסטע פאָדערונגען.

וואָס זשע קען און זאָל דער אידישער פּראָלעטאַריאַט טאָן? ער קען ניט אַריין איצט אין די וויכטיקסטע אינדוסטריען פון לאַנד, עס איז פאַר אים אוממעגלאַך סוביעקטיוו, אַזוי גוט ווי אָביעקטיוו. די געשיכטע פון דער אידישער וואַנדערונג האָט אונז גוט גענוג געצייגט, אַז ווען די אידישע אַרבעטער וואַנדערן אויס פון איין קאַפּיטאַליסטיש־אַנטוויקלטע לאַנד אין אַ צווייטער, ווערט זייער לאַגע, אַלס קלאַס, ניט פאַרבעסערט. „די סטראַטעגישע באַזע" פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט ווערט ניט פעסטער. אין די נייע

לענדער, אנטשטייט פאַר אים גלייך דער זעלבער ווידערשפּרוך פון דער אידישער אומנאָרמאַלער עקאָנאָמיק. דאָס זיינען אין באָראָכוו'ס ווערטער:

„דער ווידערשפּרוך צווישן דער באַדערפעניש איבערצוגיין צו די העכערע געביטן פון דער פּראָדוקציע, און צווישן דער אוממעגלאַכקייט דאָס צו דערגרייכן דורך קאָנצענטראַציע אין גרויס־קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואו די פּראָדוקציע פון פּראָדוקציאָנס־מיטלען און בכלל אַלע ערשטע סטאַדיען פון דעם ווירטשאַפטלאַכן פּראָצעס זיינען שוין פאַרנומען פון דער איינגעבאָרענער באַפעלקערונג און פון נים־אידישע אימי־גראַנטן".

די וואַנדערונג אַלזאָ, די אומאָרגאַניזירטע אידישע וואַנדערונג, אַז און פאַר זיך, קען גאָר ניט העלפן דעם אידישן אַרבעטער. זי קען שאַפן נייע גלות־צענטערן, וואו אידישע אַרבעטער וועלן לעבן און קעמפן אונטער די זעלבע אומנאָרמאַלע אומשטענדן ווי פריער.

מיט דער אַנטוויקלונג פון קלאַסן־באַוואוסטזיין ביי די אידישע אַרבעטער, וואָס מער די אידישע אַרבעטער הויבן אָן באַטראַכטן זייער לאַגע מיט אָפענע אויגן, און הויבן אָן זוכן אַ ראַדיקאַלע לייזונג פאַר זייערע פּראָבלעמען, מוז אָט די אומנאָרמאַלע לאַגע סוף כל סוף אַרויסרופן די באַדערפעניש צו קאָנצענטרירן די אידישע וואַנדערונג נאָך אַזאַ לאַנד,

וואו די אידן וואָלטן באַלד געקענט פאַרנעמען די ערשטע סטאַדיען פון דעם ווירטשאַפטלאַכן פּראָצעס. אַנשטאָט צו גיין נאָך לענדער, וואו זייער עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג איז צו הויך פאַר די אידישע אימיגראַנטן, קומט די נויטיקייט איינצואוואַנדערן אין אַזעלכע לענדער, וואו די שטופע פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג איז נידריגער פון דער אַנטוויק־לונגס־שטופע פון דער אידישער פּראָדוקציע, אַזוי, אַז די אידן זאָלן באַלד פאַרנעמען די הערשנדיקע עקאָנאָמישע פּאָ־זיציע אין לאַנד, זיי זאָלן ניט בלייבן ביים סאַמע ענד פון דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע כחות פון לאַנד, ווי

> עס איז דער פאַל אין די אַלטע אידישע וואוינונגס־ערטער און אין די אימיגראַציאָנס־לענדער, נאָר זאָלן שטיין אין דער פראָנט פון דער אַנטוויקלונג. עס פאָדערט זיך, אַז די אי־דישע איינוואַנדערונג זאָל פאַרלירן דעם כאַראַקטער פון פשוט'ער עמיגראַציע און זאָל אָנעמען דעם כאַראַקטער פון קאָלאָניזאַציע.

מיר זעען דאָ אַלזאָ קלאָר, אַז דער ציוניזם פאַר באָראָכאָוו'ן איז ניט דער ציוניזם פון דער אַלגעמיינער פועלי ציון פאַרטיי. באָ־ראָכאָוו קומט צום פועלי ציוניזם ניט דערפאַר, ווייל דער ציוניזם איז אין די אינטערעסן פון אידישן פאָלק און ניט דערפאַר ווייל „אונזערע אידישע הערצער בענקען נאָך די בערג פון יהודה". פאַר באָראָכאָוו'ן איז דער פועלי ציוניזם ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער סאָציאַליסטישער ענטפער אויף די ספעציפישע נויטן פון דעם אידישן פראָלעטאַריאַט. ער האָט אין זינען ניט „אונזערע נאַ־ציאָנאַלע אינטערעסן", נאָר די קלאַסן־אינטערעסן פון די אידישע אַר־בעטער. באַטראַכטנדיק די אידישע ווירקלאַכקייט אין דער ליכט פון דער סאָציאַליסטישער פילאָסאָפיע, קומט באָראָכאָוו צום שלוס, אַז עס איז אין די אינטערעסן פון דעם אידישן פראָלעטאַריאַט, אַז די אידישע וואַנדערונג זאָל באַוואוסטזיניק אָרגאַניזירט ווערן נאָך אַזאַ לאַנד, וואו אידישע אַרבעטער זאָלן קענען פאַרנעמען די וויכטיקסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דאָס וועט נאָרמאַליזירן די לאַגע פון די אידישע אַרבעטער, דאָס וועט שטאַרקן דעם אידישן קלאַסן־קאַמף, און פאַרלייכטערן פאַר די אידישע אַרבעטער זייער היסטאָרישע מיסיע, וועלכע זיי האָבן בשותפות מיט די אַרבעטער פון אַלע אַנדערע פעלקער און לענדער ; אָפּשאַפן די איצטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט און פאַרבייטן איר אויף אַ קאָמו־ניסטישער.

אויך די פאַרווירקלאַכונג פון דעם פועלי ציון אידעאַל האָט זיך באָראָכאָוו פאָרגעשטעלט ניט אַנדערש, ווי בלויז אויפן וועג פון קלאַסן־קאַמף. באָראָכאָוו האָט געוואוסט, אַז אויך דער אי־דישער בורזשואזיע, אַזוי גוט ווי אויפן מיטל־קלאַס, קענען מיר זיך נאָר ווייניק פאַרלאָזן, און נאָך ווייניקער קענען מיר פון זיי דער־

וואַרטן. די טעריטאָריעלע לייזונג פון דער אידן־פראַגע איז אין די אינטערעסן פון דעם אידישן פראָלעטאַריאַט, און פאָלגלאַך וועט אים דער אידישער פּראָלעטאַריאַט מ ו ז ן פאַרווירקלאַכן. באָראָכאָוו דערקלערט דערפאַר, אַז „פּונקט ווי די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן געהאַט דאָס רעכט צו זאָגן : — רוסלאַנדס באַפרייאונג וועט קומען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אָדער זי וועט גאָר ניט קומען, דאָס זעלבע זאָגן מיר וועגן טעריטאָריאַליזם : די באַפרייאונג פון אידישן פאָלק וועט אָדער פאַרווירקלאַכט ווערן דורך דער אַרבעטער באַוועגונג, אָדער זי וועט אינגאַנצן ניט פאַרווירקלאַכט ווערן". אָבער דער אַרבעטער האָט נאָר איין וועג ווי אַזוי דאָס צו טאָן. דער וועג פון דעם אַרבעטער איז דער קלאַסן־קאַמף. די טעריטאָריאַלע לייזונג פון דער אידן־פראַגע איז אַ טייל פון דעם קלאַסן־קאַמף פון די אידישע אַרבעטער, און וועט פאָלגלאַך מוזן פאַרווירקלאַכט ווערן בלויז דורך דעם קלאַסן־קאַמף. באָראָכאָוו זאָגט זיך וועגן דעם אַנטשיידן אַרויס. אין „אונזער פּלאַטפאָרם" זאָגט ער :

> מעג זיך דער טעריטאָריאַליזם זיין די דרינגענדסטע באַדערפעניש פון דעם אידישן פאָלק — ער וועט דאָך בלייבן אַן אוטאָפּיע, אויב דער אָרגאַניזירטער רעוואָלוציאָנערער אידישער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט צושטיין צו דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג און וועט אים ניט פאַרווירקלאַכן אויף זיין אייגענעם אייגנאַרטיקן וועג — דורכן קלאַסן־קאַמף.

עס איז נאָך ניט געקומען די צייט, און דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו געבן אַן אַלזייטיקע אָפּשאַצונג פון באָראָכאָוון. זיכער קען דאָס ניט געטאָן ווערן איצט, ווען די פּראַקטישע אַרבעטן פון דער באַוועגונג פאָדערן פון יעדן איינעם פון אונז אונזער גאַנצע צייט און ענערגיע. איינס אָבער איז זיכער, אַז אין די אינטערעסן פון אונזער באַוועגונג איז, אַז חבר באָראָכאָווס אַנשויאונג וועגן פּועלי ציוניזם זאָלן וואָס גיכער און וואָס מער פּאָפּולאַריזירט ווערן צווישן די אַמעריקאַנער פּועלי ציון.

# דער מאַרקסיסטישער וועג

### .1

## סאָציאַליזם און פּאָליטישע טעטיקייט

צווישן די שטרייט־פּונקטן איבער וועלכע עס ווערט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איצט געפירט פיל הייסע און ליידנ־שאַפטלאַכע ויכוחים, פאַרנעמט דער הויפּט פּלאַץ די פראַגע וועגן דער פּאָליטישער טעטיקייט. איז טאַקע יעדער קלאַסן־קאַמף אַ פּאָ־ליטישער קאַמף? און אויב יאָ, וואָס דאַרף מען פאַרשטיין אונטער די ווערטער פּאָליטישער קאַמף? זאָלן זיך די סאָציאַליסטן באַ־טייליקן אין די פּאַרלאַמענטן? אויב יאָ, וואָס זיינען זייערע אויפ־גאַבן דאָרטן? איבער דעם ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן זיינען ווייט ניט אַלע איינשטימיק. אפילו ניט די וואָס זיינען אין אַנדערע פראַגן יאָ מסכים, ווייל באמת מוז אַ ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן אין זיך כולל זיין די וויכטיקסטע טעאָרעטישע און טאַקטישע גרונט־פּרינציפּן פון אונזער באַוועגונג.

די פּראַגע איז אָבער באמת ניט קיין נייע. דאָס איז ניט דעם ערשטן מאָל, ווען די פּאָליטישע טעטיקייט ווערט דער שטרייט־פּונקט, ארום וועלכן עס ווערט געפירט אַ פאַרביטערטער פּראַק־פּראַגע וועגן דער פּאָליטישער טעטיקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז געווען איינע פון די הויפּט אורזאַכן, וואָס האָבן פריער גע־שפּאָלטן און נאָכער געבראַכט צום אונטערגאַנג דער „אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעטער אַסאָסיאַציע" (דער ערשטער אינטערנאַ־ציאָנאַל).

שוין גלייך ביי דער גרינדונג פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אין אים זיינען פאַרטראָטן איבערהויפּט צוויי ריכטונגען, די מאַרקסיסטישע און באַקוניסטישע. דער צווייטער קאָנגרעס פון „אינטערנאַציאָנאַל", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָזאַן, אין 1867, האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס איז דערקלערט געוואָרן, אַז „די סאָציאַלע עמאַנציפּאַציע פון די אַרבעטער איז צוזאַמענגעשמאָלצן מיט זייער פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע". דער לאָגישער שלוס פון אָט דער רעזאָלוציע איז, נאַטירלאַך, אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך אָרגאַניזירן אין פּאָליטישע פּאַרטייען און אָנפירן אַ פּאָליטישן קאַמף. די דאָזיקע רעזאָלוציע איז געווען אַ זיג פאַר די מאַרקסיסטן און איז שפּעטער געוואָרן דער גרונט־שטיין פון יעדער סאָציאַליסטישער פּראָגראַם. דער פאַר־מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם איז געווען אָדער אַנטי־פּאָליטיש, אָדער אַפּאָליטיש. די אוטאָפּיסטן האָבן פון פּאָליטיק ווייניק וואָס געהאַלטן. מיט זייערע פּלענער האָבן זיי זיך געווענדעט צו אַלעמען, דעם שטאַט אריינגערעכנט, אָבער שאַפן אַ פּאָליטישע באַוועגונג, דאָס איז זיי אפילו אויפן זינען ניט געקומען. אויב מען קען ריידן פון אַ פאַר־מאַרקסיסטישן פּאָליטישן סאָציאַליזם איז דאָס אפשר בלויז אין דעם ספּעציעלן זין פון בלאַנקיזם. אין אַ געוויסן הינזיכט קען מען דעם בלאַנקיזם יאָ רעכענען פאַר אַ מין פּאָליטישן סאָציאַליזם, אָבער בלאַנקי'ס פאָרשטעלונג וועגן דער פּאָליטישער אַקציע פון סאָציאַליזם איז הימל־ווייט פון דער פאָרשטעלונג פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. בלאַנקי האָט געגלויבט, אַז עס איז מעגלאַך פאַר אַ קליין הייפעלע סאָציאַליסטישע קאָנספּיראַטאָרס מיט גוואַלד פאַרכאַפּן דעם שטאַט און איינפירן דעם סאָציאַליזם. מאַרקס און ענגעלס האָבן אין דעם ניט געגלויבט. ניין, נאָך מער, זיי האָבן דעם בלאַנקיזם באַקעמפט אַלס אַ שעדלאַכע טענדענץ אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. פּאָליטישע טעטיקייט פאַר מאַרקס און ענגעלס האָט געמיינט, ניט אָרגאַניזירן אַ הייפעלע קאָנספּיראַטאָרן צו פאַרכאַפּן דעם שטאַט, נאָר די אָרגאַניזירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין ברייטע, עפנטלאַכע פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע זאָלן אָנפירן אַ ברייטן, עפנטלאַכן פּאָליטישן

קאַמף. דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל און אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין דער שפּעטערער צייט האָבן אַנערקענט די פּאָליטישע טעטיקייט ניט אין דעם בלאַנקיסטישן זין, נאָר אין דעם מאַרק־סיסטישן.

די אַנאַרכיסטן מכל המינים האָבן קעגן די מאַרקסיסטן אָנ־געפירט אַ ביטערן קאַמף. זיי זיינען געווען אויסגעשפּראָכענע קעגנער (ווי זיי זיינען דאָס נאָך עד היום) פון יעדער פּאָליטישער טעטיקייט. די אַנאַרכיסטן, אונטער דער פירונג פון באַקונין, האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער „אַליאַנץ פון דער סאָציאַליסטישער דע־מאָקראַטיע" און אויף זייער צוזאַמענפאָר אין 1870, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאַ־שאַ־דע־פאָן (שווייץ), האָבן זיי אין זייערע רעזאָלוציעס דערקלערט, אַז „יעדע אַנטייל, וואָס דער פּראָ־לעטאַריאַט נעמט אין דער בורזשואַזער רעגירונגס פּאָליטיק, קאָן בלויז דינען דער פאַרשטאַרקונג פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג און זיין אַ שטערונג פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַקציע פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אַלע סעקציעס זאָלן זיך דעריבער צוריקהאַלטן פון יעדער טעטיקייט, וואָס באַצוועקט די סאָציאַלע אומענדערונג דורך פּאָליטישע רעפאָרמען. זייער גאַנצע טעטיקייט זאָלן זיי אָנ־ווענדן אויף גרינדן פעדעראַטיווע אַרבעטער פאַרבאַנדן". אויף אַ קאָנפערענץ אין לאָנדאָן, אין 1871, האָט דער גענעראַל ראַט פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אויפגעלייזט די סעקציעס, וואָס האָבן זיך אין דער אַליאַנץ באַטייליקט און האָט נאָך אַ מאָל פעסטגע־שטעלט זיין גלויבן אין דער נויטווענדיקייט פון דער פּאָליטישער טעטיקייט. אין דער רעזאָלוציע, וואָס איז אויף דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ אָנגענומען געוואָרן, ווערט אויסדריקלאַך געזאָגט, אַז „די אָרגאַניזירונג פון אַרבעטער קלאַס אַלס אַ פּאָליטישע פּאַרטיי איז נויטווענדיק פאַר דעם נצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און איר ענד־ציל, די אָפּשאַפונג פון די קלאַסן; אַז די פאַראייניקונג פון די איינצלנע קרעפטן, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט שוין דערגרייכט ביז אַ געוויסן גראַד דורך זיינע עקאָנאָמישע קאַמפס־מיטלען, דאַרפן אויך דינען צו פאַרשטאַרקן דעם פּאָליטישן קאַמף קעגן זיינע עקספּלואַטאַטאָרן. די קאָנפערענץ דערקלערט דערפאַר,

אַז אין דעם קריגסצושטאַנד פון דעם אַרבעטער־קלאַס בלייבט די עקאָנאָמישע באַוועגונג און די פּאָליטישע טעטיקייט אומצוטייל־באַר פאַרבונדן".

עס פאַרשטייט זיך, אַז די באַקוניסטן האָבן דאָס דעם גענע־ראַל ראַט, אין וועלכן מאַרקס האָט געשפּילט די הויפּט ראָליע, ניט געקאַנט פאַרגעבן. פאַר דער צייט פון דער לאָנדאָנער קאָנפע־רענץ ביז דעם קאָנגרעס פון האַאַג אין 1872, וואו דער אינטער־נאַציאָנאַל האָט זיך אָפיציעל געשפּאָלטן, איז פון ביידע צדדים אָנגעפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייערע אידעען איבערהויפּט האָבן זיך געגרייט די באַקוניסטן. קעגן דעם גענעראַל ראַט, און נאָך מער קעגן מאַרקס'ן פּערזענלאַך איז מצד פון די באַקוניסטן אָנגעפירט געוואָרן אַ ביטערער קאַמף, אַ קאַמף, וואָס האָט אָפט אָנגענומען גאָרניט קיין שיינע פאָרמען.

אונטער דער צייט איז אָבער אין פאַרשידענע לענדער שוין אַנטשטאַנען סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטייען, דער קלאַסן־קאַמף האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעפּלאַקערט, און דער לעבן גופא האָט געצוואונגען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צו אָנטזאָגן זיך פון די פאַרשידענע אוטאָפּיסטישע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, פאַרוואָרפן די אַלט קאָנספּיראַטיווע פּלענער, און אָנהויבן אַ ברייטן. עפנטלאַכן קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע. די דאָזיקע דערפאַרונג האָט זיי געלערנט פיל מער ווי אַלע טעאָריעס האָבן דאָס געקאָנט טאָן, אַז „יעדער קלאַסן־קאַמף איז אַ פּאָליטישער קאַמף".

אויף דעם האַאַגער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען די גענעראַל־שלאַכט צווישן די מאַרקסיסטן און באַקוניסטן (הגם פאָרמעל זיינען אויך אַנדערע פראַגן געווען פאַרוויקלט) און געוואונען האָבן די מאַרקסיסטן.

דער קאַמף איבער דער פּאָליטישער טעטיקייט איז אויך אין די שפּעטערע יאָרן אָנגעפירט געוואָרן פון די דאָזיקע צוויי ריכטונגען אינם סאָציאַליזם, אין דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער באַוועגונג גופא וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן אויף די יסודות פון דעם מאַרקסיזם און איז גלייך פון איר אַנטשטעהונג אָן געווען אַ פּאָליטישע באַ־וועגונג, איז אָבער אויך אימער געפירט געוואָרן הייסע ויכוחים

וועגן דעם עצם און דער ראָליע פון דער פּאָליטישער טעטיקייט. פון צייט צו צייט זיינען אנטשטאַנען ריכטונגען, וואָס האָבן אָדער איבערגעשאַצט דעם ווערט פון דער פּאָליטישער טעטיקייט אָדער איר אינגאַנצן פארוואָרפן. די וואָס האָבן די פּאָליטישע טעטיקייט איבערגעשאַצט, זיינען מיט דער צייט בּיסלאַכוויז אינגאַנצן אַוועק פון סאָציאַליזם און זיך פארוואַנדלט אין בורזשואַזע סאָציאַלע רע־פאָרמער. די ווידער וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דעם אַנאַר־כיסטישן שטאַנדפּונקט און זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון פּאָלי־טישער טעטיקייט, האָבן קיינמאָל, אויסער מאָמענטנוויז אין גאָר אומרואיקע צייטן, קיין איינפלוס אויף דער ארבעטער באַוועגונג ניט באַקומען, אָדער אים גאַנץ שנעל פארלאָרן, אויב זיי האָבן אים יאָ אויף אַ ווײַלע באַקומען. דער פאַקט, אַז די אַנאַרכיסטי־שע באַוועגונג איז בוכשטעבלאַך טויט, אַז די אַנאַרכיסטן שפּילן קיין שום ראָליע ניט אין דער ארבעטער באַוועגונג און דער פאַקט, אַז אפילו דער אַנאַרכיסטיש באַפארבטער סינדיקאַליזם איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ רעאַקציאָנערער מאַכט, קאָן אונז דינען פאַר אַ ביישפּיל פון די רעזולטאַטן פון דער אַנטי־פּאָליטישער טע־טיקייט. גאַנץ ריכטיק באַמערקט פראַנץ מערינג, אַז „דער אַנטי־פּאָליטישער סאָציאַליזם איז אַן איבערגאַנגס שטופע אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן באַ־וואוסטזיין" און מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָלעטאַרישן קלאַסן באַוואוסטזיין פארשווינדט ער.

## .2

## מאַרקסיזם און באַקוניזם

דער קאַמף אין דעם ערשטן איטערנאַציאָנאַל, אַזוי גוט ווי דער וואָס האָט זיך געפירט אויף שפּעטער צווישן די פארשידענערליי אַנאַרכיסטן און מאַרקסיסטן, פאַר און קעגן פּראָלעטאַרישער פּאָ־ליטישער טעטיקייט, איז נאַטירלאַך געווען ניט בלויז אַ פראַגע פון טאַקטיק. די פארשידענע טאַקטישע מיינונגען זיינען געווען דער

רעזולטאַט פון די פאַרשידענע טעאָרעטישע אנשויאונגען וועגן קלאַסן קאַמף און סאָציאַליזם בכלל.

באַקונין איז אייגנטלאַך געווען, ווי פּלעכאַנאָוו דריקט זיך אויס, דער לעצטער אנגעזעענער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליסט. די אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטן בכלל זיינען אַלע געווען קעגנער פון פּאָליטישער אַקציע, איבערהויפּט פון זעלבשטשטענדיקער פּראָלע־טאַרישער אַקציע. און דאָס איז אויך נאַטירלאַך פאַר זיי. דער אוטאָפּיסטישער סאָציאַליזם איז ניט געווען קיין פּראָלעטאַרישער סאָציאַליזם נאָר אַן אַל־מענטשלאַכער, ער איז ניט באַזירט געווען אויפן קלאַסן קאַמף נאָר אויף „דער מענטשלאַכער נאַטור" וואָס איז „קעגן שקלאַפעריי און עקספּלואַטאַציע". די גרונט אידייע פון אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם איז געווען דער „מאָראַלישער צאָרן" קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג. מיט זייער רוף האָבן זיי זיך געווענדט ניט צום פּראָלעטאַריאַט, און ניט בכלל צו אַ וועלכן עס איז באַשטימטן קלאַס אָדער גרופּע אין דער געזעלשאַפט, נאָר צו אַלע גוטע מענטשן, צו אַלע מאָראַלישע מענטשן, צו אידעאַליסטן, צו רעוואָלוציאָנערן א. א. וו. אין דעם האָט זיך באַקונין ניט אונטערשיידט פון אַלע אַנדערע אוטאָפּיסטן, הגם באַקונין רעדט אָפט פון אַרבעטער, בויט ער אָבער אַלע זיינע האָפנונגען ניט אויפן אַרבעטער קלאַס, נאָר אויף דעם אונטערדריקטן פאָלק. אין דעם פּרינציפּ פון קלאַסן קאַמף פאַרלירט אָבער די פּראָלעטאַרישע פּאָ־ליטיק איר גאַנצע באַרעכטיקונג אַזוי גוט ווי איר נויטווענדיקייט.

וואָס ס'האָט דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם בכלל געפעלט איז אַן אָביעקטיוו וויסנשאַפטלאַכער בליק אויף דער געשיכטע פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט. באַקונין האָט אָט דעם חלל פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם נים אויסגעפילט. זיינע גאַנצע כחות גיט ער אוועק איבערהויפּט אויף קריטיקירן די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג און אינסטיטוציעס. אין דעם האָט ער אויך טאַקע זייער פיל אויפגעטאָן. טרעט ער אָבער צו צו דערקלערן זיי, אויפצוקלערן זייער מהות, זייער אנטשטייאונג, די באַדינגונגען פאַר זייער פאַר־שווינדן — האָבן מיר פאַר זיך ווייטער אַ טיפּישן אוטאָפּיס־

טישן סאָציאַליסט, ביי וועמען דער וואונש איז דער פאָטער פון גלויבן. אנשטאָט ד ע ר ק ל ע ר ן, כעס'ט ער זיך, זידלט די אונטערדריקער און רופט צום קאמף.

די ביטערסטע שונאים פון דער מענטשלאַכער פרייהייט און מענטשלאַכן גליק, זיינען פאַר באַקונינען די רעליגיע און דער שטאַט. די צוויי זיינען צווישן זיך אויף דעם ענגסטן אופן פאַר־בונדן, „עס איז ניטאָ אַ שטאַט אָן רעליגיע“, זאָגט באַקונין, „נעמט די פרייסטע שטאַטן אין דער וועלט, צ. ב. ש., די פאַראיי־ניקטע שטאַטן פון נאָרד־אמעריקע, אָדער דעם שווייצארישן בונד, וועט איר זען וואָס פאַר אַ וויכטיקע ראָלע די געטלאַכע השגחה שפּילט דאָרט אין אַלע אָפּיציעלע רעדעס“. און ווייטער : „איין פּראָדוקט פון דער רעליגיע איז דער שטאַט“. ער איז אין אַלע לענדער געבוירן געוואָרן פון דעם זיווג פון רציחה, גזלנות און רויבעריי, קורץ, פון קריג און פאַרשקלאַפונג. דער ערשטער באַדינג פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז די צעשטערונג פון דעם שטאַט. באַקונין זאָגט : „די רעוואָלוציע, ווי מיר פאַרשטייען איר, מוז פון דעם ערשטן טאָג אָן פולשטענדיק צעשטערן און אויסראָטן מיט די וואָרצלען דעם שטאַט און אַלע שטאַטס אינסטיטוציעס“... „דער שטאַט פון איין זייט און די סאָציאַלע רעוואָלוציע פון דער צווייטער, — אָט דאָס זיינען די צוויי פּאָליוסן וועמעס אַנטאַגאָ־ניזם עס איז דער עצם פון דעם איצטיקן געזעלשאַפטלאַכן לעבן אין גאַנץ אייראָפּע“. דערביי איז פאַר אַ באַקונינען ניט וויכטיק וועלכע פאָרמען דער שטאַט האָט, ווייל „דער דעספּאָטיזם איז ניט אין דער פאָרמע פון דעם שטאַט אָדער פון דער שטאַטלאַכער מאַכט, נאָר אין דעם פּרינציפּ גופא פון פּאָליטישער מאַכט“. און דערפאַר דערקלערט באַקונין אַז „בלויז דער וואָס שטרעבט באמת צו דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון שטאַט און פּאָליטיק, וואָס איז אַ נויטיקער פועל יוצא פון שטאַט, קען באמת אָנגערופן ווערן סאָציאַליסט און אינטערנאַציאָנאַליסט... דער אָבער וואָס וויל להיפוך צו אונז, זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק, ווער עס שטרעבט

ניט מיט אונז צוזאַמען צו דער פאַרניכטונג פון יעדער פּאָליטיק ווען אומבאַדינגט מוזן אָנהויבן פירן אַ פּאַטריאָטישע און בורזשואַ־זע פּאָליטיק".

באַקונין לייקנט דורכאויס אָפּ, אַז עס זאָל מעגלאַך זיין אויף אַ וועלכן עס איז אופן אויסנוצן דעם שטאַט פאַרן פּראָלעטאַרישן קלאַסן קאַמף, פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק, לשם סאָציאַליזם, — דאָס איז פאַר אים לחלוטין, אומפאַרשטענדלאַך. הויבט דער פּראָלעטאַ־ריאַט אָן „שפּילן פּאָליטיק", ווערט ער פאַרשלעפּט אין אַן אַפּאַרטו־ניסטישער בלאָטע פון רעפאָרמען, קאָמפּראָמיסן און אפילו פאַראַט. דערוויילן אַרבעטער פאַרטרעטער אין דער געזעצגעבנדיקער קער־פּערשאַפט, מיינט, לויט באַקונינען, פּשוט פאַרטרייבן פייאיקע מענטשן פון דער באַוועגונג. ווייל — ווען דערוויילן מיר דען? נאַטירלאַך גוטע און פייאיקע מענטשן, וואָס אָבער פּאַסירט ווען זיי זיינען שוין דערווײַלט?" די אַרבעטער פאַרטרעטער, ווען מען פּלאַנצט זיי איבער אין אַ בורזשואַזער אומגעבונג, אין דער אַט־מאָספערע פון דורכאויס בורזשואַזע פּאָליטישע אידייען, ווערנדיק אָפּגעריסן פון דעם אַקטועלן קאָנטאַקט מיט די אַרבעטער, כדי צו ווערן אַ שטאַטסמאַן, וועט אַליין ווערן אַ בורזשוי, און אפשר נאָך בורזשואַזער ווי בורזשויען גופא". מיט איין וואָרט, פּונקט ווי דער שטאַט איז דער אומגליק פון דער מענטשלאַכער געשיכטע, אַזוי איז די פּאָליטישע טעטיגקייט דער אומגליק פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג.

ווי אַזוי אָבער וועלן מיר צושטערן דעם שטאַט? דורך אַ רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד, ענטפערט באַקונין, דורך „אַ בונט". די „בונטאַרסטוואָ", איז בכלל דאַן אַ וויכטיקער עלעמענט אין דעם רוסישן סאָציאַליזם, און באַקונין איז אין דעם געגאַנגען פיל ווייטער ווי אַנדערע. „אַ בונט", זאָגט באַקונין, „איז אַלע מאָל מעגלאַך", און וועלן מיר דורכפאַלן איין מאָל, צען מאָל, צוואַנציק מאָל, וועלן מיר דעם איין און צוואַנציקסטן מאָל זיגן. ווער וועט דעם אויפשטאַנד מאַכן?

עס איז אוממעגלאַך צו דערוואַרטן אַז אין אַזאַ אויפשטאַנד זאָלן זיך באַטייליקן אַ מערהייט פון פאָלק, אָדער לכל הפחות

אַ באַדייטנדיקע מינדערהייט. אַ בונט דאַרף צוגעגרייט ווערן, און צוגעגרייט ווערן דאַרף דאָס נאָך אין דער צייט ווען דער קאַפּי־טאַליסטישער שטאַט לעבט און איז מעכטיק, און וועט אַזאַ צוגעריי־טונגס אַרבעט נאַטירלאַך גלייך אין אנהויב דערשטיקן, מוז דער־פאַר אָט די אַרבעט זיין אַ קאָנספּיראַטיווע, אָבער אין אַ קאָנ־ספּיראַטיווער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע געפינען פּלאַץ בלויז די אויסדערוויילטע, די באַוואוסטזיניקע, די איבערצייגטע רעוואָ־לוציאָנערן, אָדער אין אַנדערע ווערטער די רעוואָלוציאָנערע אינ־טעליגענץ, וועלכע איז אַ גאַנץ קליינע, כמעט אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט. באַקונין האָט געגלויבט אַז אָט די רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט וועט דאָס דעם אויפשטאַנד מאַכן, די גרויסע מאַסן וועלן נאָכער אריינגעצויגן ווערן אין דער אַרבעט פון דער רעוואָ־לוציע, ווייל אין זיי לעבט אַ רעוואָלוציאָנערער גייסט, די סאָציאַלי־סטישע באַוועגונג, האָט לויט באַקונינס רעצעפּט געדאַרפט באַ־שטיין, פון קליינע הייפעלאַך רעוואָלוציאָנערן אָרגאַניזירט אין קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זאָלן צוגרייטן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, כדי צו שטירצן דעם שטאַט.

אָבער אין דער צייט ווען באַקונין האָט זיין אַגיטאַציע אָנ־געפירט, אין דער צייט פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן זיך שוין אין אַ סך לענדער אַנטוויקלט ברייטע עפענטלאַכע אַרבע־טער אָרגאַניזאַציעס. די געווערקשאַפטלאַכע באַוועגונג אין ענגלאַנד האָט שוין הינטער זיך אַ גאַנצע געשיכטע געהאַט. און מאַרקס האָט שוין אין זיין בארימטן „אדרעס" מיט שטאָלץ אָנגעצייגט אויף די ערפאָלגן פון דער דאָזיקער באַוועגונג. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך ניט געקענט צופרידנשטעלן מיט אָרגאַניזירן קאָנספּיראַ־טיווע גרופּקעלאַך, דאָס האָט באַקונין אויך פאַרשטאַנען. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געדאַרפט דער אַרבעטער באַוועגונג צייגן אַ וועג, געבן אַ פּראָגראַם. וואָס פאַר אַ פּראָגראַם האָט באַקונין פאָרגעשלאָגן פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג? „זיך אָפּזאָגנדיק... פון יעדער נאַציאָנאַלער און אָרטלאַכער פּאָליטיק גיט די אינטער־נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע דער אַרבעטער אַגיטאַציע אַ ריין עקאָ־נאָמישן כאַראַקטער; די צילן אירע, (פון דער אַגיטאַציע הייסט

דאָס) דאַרפן זיין, די פאַרקלענערונג פון די אַרבעטס שטונדן און די פאַרגרעסערונג פון די שכירות — דער מיטל דערצו איז, די אָרגאַניזירונג פון אַרבעטער געזעלשאַפטן און די שאַפונג פון דע־פענסיווע פאָנדן."

אָט האָט איר אייך דעם פּראַקטישן רעזולטאַט פון דעם עקסט־רעמען רעוואָלוציאָנאַריזם ! א פּראַקטישע פּראָגראַם, אויף וועלכער אַלע פירער פון די גאַלע געווערקשאַפטן, קענען זיך מיט א לייכט האַרץ אונטערשרייבן. ווי אַזוי דערקלערט זיך דאָס ? גאַנץ פּשוט. זיך אַנטזאַגנדיק פון יעדער פּאָליטישער טעטיקייט, האָט זיך באַ־קונין אַנטזאַגט פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן קאַמף בכלל. פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג בלייבט פּשוט קיין אַנדער זאַך ניט איבער, ווי אָט די באַקוניסטישע פּראָגראַם פון מעסיקן עקאָנאָמיזם. די זאָל אַרבעטער באַוועגונג זיך וועלן שטעלן העכערע צילן, וועט זי מוזן ווערן א פּאָליטישע.

## .3

## היסטאָרישער מאַטעריאַליזם

צו דער צייט ווען דער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן האָט שוין מאַרקס בשותפות מיט ענגעלסן געהאַט אויס־געאַרבעט די גרונט־פּרינציפּן פון זייער וועלט־אַנשויאונג, דער פונדאַמענט פאַרן ווינסשאַפטלאַכן סאָציאַליזם איז שוין געווען אַוועקגעלייגט נאָך פיל פריער אין דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט, און אין די פאַרשיידענע אַנדערע קלענערע און גרעסערע אַרבעטן וואָס די צוויי געניאַלע שעפער פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם האָבן ביז יענער צייט פאַרעפנטלאַכט.

מאַרקס און ענגעלס זיינען ביידע אַרויסגעקומען פון דער העגעליאַניש־אידעאַליסטישער שולע, האָבן זיך א צייט געפונען אונטערן איינפלוס פון פאַרשיידענע אוטאָפּיסטיש־סאָציאַליסטישע לערן, און האָבן פיל וואַנדלונגען געמוזט דורכמאַכן ביז זיי זיינען געקומען צו אָט דער געדאַנקן סיסטעם, וועלכע מיר רופן אָן מאַרקסיזם. זיי האָבן פריער געמוזט פיל צייט און מי אָפּגעבן

צו באַפרייען זיך, (און דערמיט אויך אַנדערע) פון דער **אידעאַ־ליסטישער** פילאָסאָפיע, און פון דעם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם, איידער זיי האָבן זיך געקענט נעמען פאַר זייער אייגנטלאַכער קאָנ־סטרוקטיווער אַרבעט — צו שאַפן אַ וויסנשאַפטלאַכן באַזיס פאַרן **סאָציאַליזם.**

דער גרונט געדאַנק פון דעם מאַרקסיזם קען בקיצור פאָרמו־לירט ווערן אַזוי: אין דער מענטשלאַכער געשיכטע, אַזוי גוט ווי אין דער נאַטור בכלל, זיינען ניטאָ קיין צופעליקייטן, דאָרט הערשט פונקט ווי אין דער גאַנצער נאַטור דער געזעץ פון קאַוזאַלי־טעט, די מענטשלאַכע געשיכטע קומט פאַר לויט באַשטימטע אָביעקט־טיווע געזעצן, איבער וועלכע מיר האָבן אַ גאַנץ קליינע דעה. די מיינונג פון די היסטאָרישע אידעאַליסטן פאַר וועמען די מענטש־לאַכע געשיכטע איז געווען דער רעזולטאַט פון מענטשלאַכע מיי־נונגען, פון מענטשלאַכן באַוואוסטזיין, פאַרוואַרפן מאַרקס און ענגעלס אינגאַנצן. די מענטשלאַכע מיינונגען, דער מענטשלאַכער באַוואוסטזיין, די מענטשלאַכע אידעאַלן און שטרעבונגען פאַלן ניט אַרונטער פון הימל, און אַנטשטייען ניט פון זיך אַליין, נאָר זיינען אַליין דער פּראָדוקט פון דעם געזעלשאַפטלאַכן צושטאַנד און פון דער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג. „ניט דער באַוואוסט־זיין באַשטימט דעם זיין, נאָר פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלאַכער זיין באַשטימט דעם באַוואוסטזיין". „איז דען נויטיק אַ באַזונדערע דורכדרינגלאַכקייט", פרעגן די מחברים פון קאָמוניסטישן מאַני־פעסט „כדי צו פאַרשטיין אַז די פאָרשטעלונגען, אַנשויאונגען און באַגריפן, מיט איין וואָרט, דאָס אַלץ, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם באַוואוסטזיין פון מענטשן, ענדערט זיך צוזאַמען מיט די ענדערונגען אין זייערע לעבנס אופנים, מיט די ענדערונגען אין זייערע געזעלשאַפטלאַכע שיכות'ן, און זייער געזעלשאַפטלאַכן זיין".

מאַנכע מאַרקס קריטיקער האָבן געזוכט דאָס אויסטייטשן אין דעם זין, אַז דער מאַרקסיזם איז פאַטאַליסטיש, ער לאָזט ניט קיין אָרט פאַר דעם מענטשלאַכן ווילן, פאַר דעם מענטשלאַכן באַוואוסטזיין, אַז לויטן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם זיינען די

מענטשן בלויז בלינדע געצייג, וועמעס ווילן און באַוואוסטזיין עס שפּילט גאָר קיין שום ראָליע ניט. דאָס איז נאַטירלאַך פאַלש. פאַר מאַרקס און ענגעלסן איז געווען גאַנץ קלאָר, אַז דער מענטש שפּילט אין דער געשיכטע ניט בלויז די ראָליע פון אַ בלינדער געצייג, נאָר ער איז אויך אַ באַוואוסטזיניקער אַגענט, כדי דער מענטש זאָל פאַרווירקלאַכן די אויפגאַבן וועלכע די געשיכטע שטעלט פאַר אים, מוז ער דאָס ווען, ער מוז אָנהויבן האַסן דאָס, וואָס ער דאַרף צעשטערן, ליב האָבן דאָס וואָס ער וויל אויפבויען, מיט איין וואָרט ער מוז ווערן באַוואוסטזיניק, שאַפן זיך אידעאַלן, באַגייסטערט ווערן פון זיינע אידעאַלן און קעמפן פאַר זיי, אָבער אָט דער באַוואוסטזיין, די דאָזיקע אידעאַלן גופא זיינען ניט קיין פּראָדוקט פון „דעם ריינעם מענטשלאַכן שכל“, פון דעם „מענטשלאַכן גייסט“. „דער דערוועקטער באַוואוסטזיין, אַז די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטלאַכע אינסטיטוציעס זיינען געוואָרן אומפאַרנונפטיקע, אומגערעכטע, אַז דער שכל האָט זיך אין אומזין פאַרוואַנדלט, דאָס גוטע — אין שלעכטס, איז בלויז אַ באַווייז אַז אין די מעטאָדן פון דער פּראָדוקציע און אין די פאָרמען פון אויסטויש זיינען אומבאַמערקטערהייט פאָרגעקומען ענדערונגען, מיט וועלכע די פריערדיקע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו די פריערדיקע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האַרמאָנירן ניט מער“ (אַנטי דיורינג). אַזוי דערקלערט ענגעלס די אַנטשטייאונג פון דעם נייעם באַוואוסטזיין פון די נייע געזעלשאַפטלאַכע אידעאַלן. און ענגעלס זאָגט ווייטער: „דערמיט אליין איז שוין אויך געזאָגט אַז די מיטלען פאַר דער באַזייטיקונג פון די אַלטע צושטאַנדן מוזן זיך אויך געפינען אין מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלטע פאָרמען, אין דיזעלבע פאַרענדערטע פּראָדוקציאָנס שיכות׳ן. די דאָזיקע מיטלען ווערן ניט אויסגעטראַכט פון קאָפּ, נאָר ווערן דורך דער הילף פון קאָפּ אַנטדעקט אין די מאַטעריעלע פאַקטן פון דער פּראָדוקציע“.

די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט, איז די געשיכטע פון דער געזעלשאַפטלאַכער פּראָדוקציע און פאַנאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטן. כדי מענטשן זאָלן קענען לעבן, כדי מיר זאָלן בכלל גאָר

קענען ריידן וועגן אַ מענטשלאַכער געזעלשאַפט מוזן מענטשן פּראָ־דוצירן די מיטלען צום לעבן. אָבער די פּראָדוקציע פון לעבנס מיט־לען איז אַ געזעלשאַפטלאַכער פּראָצעס, פּונקט ווי די געזעלשאַפט קען ניט לעבן ניט פּראָדוצירנדיק, אַזוי קען דער מענטש ניט פּראָ־דוצירן אויסער דער געזעלשאַפט. די געזעלשאַפט איז איבערהויפּט אַ פּראָדוקציאָנס געמיינשאַפט. אָבער, זאָגט מאַרקס: „אין דער געזעלשאַפטלאַכער פּראָדוקציע פון זייער לעבן, טרעטן מענטשן אריין אין באַשטימטע, נויטיקע, אומאָפּהענגיקע פון זייער ווילן, באַציאונגען — פּראָדוקציאָנס באַציאונגען, וועלכע זיינען בהסכם מיט דער באַשטימטער שטופע פון דער אַנטוויקלונג פון זייערע מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס כחות.

„דער סכום פון די דאָזיקע פּראָדוקציאָנס באַציאונגען שטעלט מיט זיך פאָר די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט. דעם רעאַלן באַזיס אויף וועלכן עס ווערט אויפגעבויט דער יורידי־שער און פּאָליטישער איבערבוי, אין וועלכער אַ באַשטימטע פאָרמע פון באַוואוסטזיין איז אייגנטימלאַך".

אין די דאָזיקע קורץ געפאַסטע ווערטער איז אויסגעדריקט דער גאַנצער תמצית פון דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, פון אָט דער וויסנשאַפטלאַכער אַנטדעקונג וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ גאַנצע רע־וואָלוציע אין דער געשיכטע־וויסנשאַפט און אין דער סאָציאָלאָגיע. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם טרייבט אַרויס פון דער געשיכטע די אַלע מיסטיש־אידעאַליסטישע קאָנצעפּציעס פון איבערנאַטיר־לאַכע כחות, פון „דער אייביקער מענטשלאַכער נאַטור", פון די פאַרשיידענע מענטשלאַכע און איבערמענטשלאַכע גייסטער, די מענטשלאַכע געשיכטע קען ניט דערקלערט ווערן דורך דער וויר־קונג פון גרויסע מענטשן. ניט דורך דער אַפּענבאַרונג פון גייסט, ניט דורך אַ געניאַלער דערפינדונג, ניט דורך אירע פּאָליטישע איינריכטונגען (הגם זיי אַלע שפּילן אַ געוואַלדיקע ראָליע אין דעם לעבן און אין דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט), נאָר דורך דעם צושטאַנד פון דער געזעלשאַפטלאַכער פּראָדוקציע און אויסטויש פון פּראָדוקטן, דורך דעם צושטאַנד פון די פּראָדוקטיווע כחות

פון דער געזעלשאַפט. די געשיכטע ווערט צום ערשטן מאָל דורכדעם אָוועקגעשטעלט אויף אַן אָביעקטיוו וויסנשאַפטלאַכן באַזיס.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם מאַכט אַן ענדע צו די פאַר־שיידענע טרוימערייען פון די אוטאָפּיסטן מכל המינים, געזעל־שאַפטלאַכע אָרדנונגען טראַכט מען ניט אויס, און רעוואָלוציעס מאַכט מען ניט, גלאַט אַזוי זיך. יעדע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג איז אַנטשטאַנען און פאַרשוואונדן, ניט ווייל גוטע אָדער שלעכטע מענטשן האָבן דאָס געוואָלט, נאָר ווייל דער אָביעקטיווער גאַנג פון דער געזעלשאַפטלאַכער אַנטוויקלונג, האָט דאָס געשאַפן און נאָכער צופּגעשאַפן. עס קען שוין מער ניט זיין די אויפגאַבע פון אַ סאָציאַליסט אויסצוטראַכטן אַ בעסערע, אָדער „בעסטע" געזעל־שאַפט, נאָר אָביעקטיוו אויסצופאָרשן דעם גאַנג פון דער געזעל־שאַפטלאַכער אַנטוויקלונג. און איינאָרדנען אונזערע אידעאַלן בהסכם מיט איר. עס קען שוין אָבער אויך מער ניט זיין קיין פראַגע פון אָרגאַניזירן קליינע גרופּקעלאַך רעוואָלוציאָנערן־קאָנספּיראַטאָרן, און מיט זייער הילף ענדערן די געזעלשאַפט. איז געקומען די צייט די געזעלשאַפט זאָל זיך ענדערן, וועט זיך זיכער אָנהויבן אַ קאַמף פאַר אָט די ענדערונגען, דאָס וועט אָבער ניט זיין קיין קאַמף פון אַ גרופּע קאָנספּיראַטאָרן, נאָר אַ קלאַסן קאַמף, אַ ברייטער, אַן אָפענער און אַ פאַרביטערטער. „אויף אַ באַשטימטער שטופּע פון אַנטוויקלונג קומען די מאַטעריעלע פּראָדוקציאָנס כחות פון דער געזעלשאַפט אין ווידערשפרוך מיט די עקזיסטירנדיקע פּראָדוק־ציאָנס באַציאונגען, אָדער, וואָס איז בלויז זייער יורידישן אויסדרוק, מיט די אייגנטומס־באַציאונגען, אין וועלכע זיי האָבן זיך אַנטוויקלט. אַנשטאָט מיטהעלפן דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציאָנס כחות, ווערן אָט די פאָרמען אַ שטערונג פאַר זיי, — דאַן טרעט אריין די עפּאָכע פון דער סאָציאַלער רעוואָלו־ציע". (מאַרקס פאָררעדע צו דער „קריטיק פון פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע"). עס הויבט זיך דאַן אָן אַ קאַמף אין דער געזעלשאַפט צווישן די וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אויפהאַלטן די עק־

זיסטירנדיקע אָרדנונג, און די וואָס ווילן איר פאַרניכטן. דער קלאַסן־קאַמף ווערט דאַן הייסער, שאַרפער און פאַרביטערטער און פאַרוואַנדלט זיך אָפט אין אַן אָפענעם בירגער קריג.

### 4.

## קלאַסן קאַמף

אין דער צייט ווען דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַל איז גע־גרינדעט געוואָרן, זיינען שוין אין פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענ־דער און אויך אין אַמעריקע אַנטשטאַנען עפּענטלאַכע און אָפט מכטיקע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אָנגעפירט דעם קלאַסן קאַמף. עס איז פאַר מאַרקסן און ענגעלסן קלאָר געווען אַז אַט די באַוועגונגען וואָס זיינען פון זיך אַליין אַרויסגעוואַקסן קענען ניט זיין קיין צופעליקע, וועלכע האָבן פּונקט אַזוי געקענט ניט אַנטשטיין, פאַר מאַרקסן און ענגעלסן איז קלאָר געווען אַז די דאָזיקע באַוועגונגען זיינען אַרויסגערופן געוואָרן אין לעבן דורך דער געשיכטלאַכער נויטווענדיקייט פון קלאַסן־קאַמף.

וועגן קלאַסן־קאַמף האָט מען געהערט אויך פאַר מאַרקסן. הגם די אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטן זיינען אויפן שטאַנדפּונקט פון קלאַסן־קאַמף ניט געשטאַנען האָבן מאַנכע פון זיי קלאָר געזען דעם קלאַסן כאַראַקטער פון אונזער געזעלשאַפט, אין דער היסטאָ־רישער ליטעראַטור פון יענער צייט איז שוין אויך דער קלאַסן קאַמף אַנערקענט געוואָרן אַלס מעכטיקער פאַקטאָר אין דעם געזעל־שאַפטלאַכן לעבן, אָבער ביי מאַרקס און ענגעלס האָט דער קלאַסן קאַמף אָנגענומען אַ גאַנץ נייעם כאַראַקטער. פאַר זיי איז דער קלאַסן־קאַמף געוואָרן די הויפּט ספּרוזשינע פון דער גאַנצער גע־זעלשאַפטלאַכער עוואָלוציע.

„די געשיכטע פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט ביז איצט, איז די געשיכטע פון קלאַסן־קאַמף", ווערט אין דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט געזאָגט. „דער פרייער מענטש און דער שקלאַף, דער פּאַטריציי און פּלעבעי. דער פעאָדאַל און דער לייב־אייגנטימער,

האָבן שטענדיק געפירט אַ קאַמף צווישן זיך, אַמאָל אַ באַהאַלטענעם, אַמאָל אַן אָפענעם, אַ קאַמף וואָס האָט זיך אַלע מאָל געענדיגט מיט אַ רעוואָלוציאָנערער איבעראַנדערשונג פון דער געזעלשאַפט אָדער מיט דעם אונטערגאַנג פון די קעמפנדיקע קלאַסן.

„די קעגנוואַרטיקע בורזשואַזע געזעלשאַפט, וואָס איז אויפ־געבויט געוואָרן אויף די חורבות פון דער אונטערגעגאַנגענער פעאָ־דאַלער, האָט ניט אָפּגעשאַפט די קלאַסן־היפּוכים, זי האָט בלויז געשאַפן נייע קלאַסן, נייע אונטערדריקונגס באַדינגונגען, און נייע קאַמפּס־פאָרמען...“

אָבער עס איז דאָ אַ גוואַלדיקער אונטערשייד צווישן דעם קלאַסן־קאַמף פון אַמאָל און היינט. אַמאָל איז דער קלאַסן־קאַמף געווען אַן אומבאַוואוסטזיניקער, די קעמפער האָבן זיך ניט געפילט אַלס באַזונדערער באַשטימטער קלאַס, וואָ סמוז פירן אַ קאַמף קעגן אַ צווייטן קלאַס. דער קלאַסן־קאַמף האָט אָנגענומען פאַר־שיידענע פאָרמען. אַמאָל איז דאָס געווען אַ קאַמף פון אָרימע קעגן רייכע, אַמאָל אַ קאַמף פאַר פּאָליטישע רעכט, אַמאָל פאַר וועלכע עס איז רעליגיעזע אידייען א. אז. וו. אנדערש איז דאָס היינט. די היינטיקע בורזשואַזיע, דער גרויס קאַפּיטאַליזם, האָט באַשאַפן דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, אָבער שאַפנדיק דעם היינטיקן פּראָלעטאַריאַט האָט דער קאַפּיטאַליזם אויך געשאַפן אַלע נויטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם קלאַסן־באַוואוסטזיין פון די אַרבעטער און פאַר דער אַנטשטייאונג פון דעם אָרגאַניזירטן קלאַסן־קאַמף. די גרויסע שטעט מיט זייערע באַזונדערע אַרבעטער קוואַרטאַלן, וואו דער אונטערשייד צווישן אָרים און רייך טרעט אַזוי בולט אַרויס, די מאָדערנע גרויסע פאַב־ריק, וואו ענדציל פון קלאַסן־קאַמף קען ניט זיין קיין אַנדערער, ווי די אָפּשאַפונג פון דער איצטיקער געזעלשאַפטלאַכער אָרדנונג וואָס איז אויפגעבויט אויף קלאַסן־היפּוכים און מאַכט נויטיק דעם קלאַסן־קאַמף.

אָבער אויך די רעוואָלוציע צו וועלכער דער קלאַסן־קאַמף פירט וועט זיין אַ גאַנץ אַנדערע ווי אַלע פריערדיקע. די אַלע ביז איצטיקע רעוואָלוציעס זיינען געווען פון און אין די אינטערעסן

פון אַ מינאָריטעט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע אָבער, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט וועט מאַכן וועט זיין פון און אין די אינטערעסן פון דער גרויסער מאַיאָריטעט.

ווי אַזוי מאַרקס און ענגעלס האָבן געקוקט אויף דער דאַמאָלט־דיקער אַרבעטער באַוועגונג, און אויף די אויפגאַבן פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַל, קענען מיר זייער קלאָר זען פון דעם „פּייערלאַכן אַדרעס" פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכן מאַרקס האָט פאַרפאַסט. אין דעם אַדרעס שטעלט זיך מאַרקס אָפּ באַריכות אויף דעם קלאַסן־קאַמף פון די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר און ציינט מיט צופרידנ־קייט אָן אויף די קליינע זיגן וואָס די אַרבעטער האָבן דערגרייכט. ער שטעלט זיך אויף דעם 10־שעה׳דיקן געזעץ וואָס איז דאַן דורכגעפירט געוואָרן. „ער שאַצט דאָס אָפּ אַלס אַ זיג פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון דער בורזשואזיע, איבער דער ניט באַגרענעצטער שליטה פון אָנבאָט און נאָכפראַגע. מאַרקס דער־קלערט דאָ, אַלזאָ, הגם ניט אַרויסזאַגנדיק אָפן, די סאָציאַלע רע־פאָרמע פאַר אַ שטיק סאָציאַליזם*).

אין דעם אַדרעס שטעלט זיך אויך מאַרקס אָפּ אויף דעם וואוקס פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. „דער ווערט פון די דאָזיקע גרויסע עקספּערימענטן", זאָגט מאַרקס, „קענען ניט גענוג הויך אָפּגעשאַצט ווערן". אָבער, גיט צו עקשטיין: „ער זעט זייער ווערט ניט אין דעם וואָס זיי פאַרווירקלאַכן שוין דעם סאָציאַליזם; ער לויבט זיי נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן באַוויזן „דורך מעשים און ניט בלויז מיט אַרגומענטן אַז פּראָדוקציע אין גרויסן מאַסשטאַב און אין הסכם מיט דער מאָדערנער וויסנשאַפט קאָן האָבן אַ קיום אָן דער עקזיסטענץ פון אַ קלאַסנמייסטער וואָס באַשעפטיקט אַ קלאַס פון אַרבעטס־הענט" א. אז. וו.**).

עס איז אַלזאָ קלאָר פון דאָס אַלעס, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן געקוקט אויף דער אַרבעטער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַלס אַ נאַטירלאַכע אַנטוויקלונג, וועלכע מוז פירן צום סאָציאַליזם.

---

*) ג. עקשטיין: „דער מאַרקסיזם אין דער פּראַקטיק".

**) ג. עקשטיין, ז. 38.

דער אַלטעגלאַכער קלאַסן־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט, זיינען פאַר אים פון גרויס וויכטיקייט און יעדער זיג, ווי קליין ער זאָל ניט זיין, אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דעם קאַמף.

ווען באַקונין און זיינע נאָכפאָלגער זיינען געקומען אין דעם אינטערנאַציאָנאַל מיט זייערע אידייען פון קאָנספּיראַטיווע געזעל־שאַפטן, בונטן, אַנטי־פּאָליטישן סאָציאַליזם א. אז. וו. איז קלאָר געוועזן אַז דאָ האָבן זיך באַגעגנט צוויי געגנזאַצלאַכע ריכטונגען, וועלכע וועלן מוזן צווישן זיך פירן אַ קאַמף פאַר איינפלוס אין דער באַוועגונג. באַקונין האָט גערופן די אַרבעטער צוריק צום צלטן אוטאָפּיזם, מאַרקס האָט זיי גערופן אויף אַ נייעם וועג, אויף דעם וועג פון וויסנשאַפטלאַכן סאָציאַליזם. די אַרבעטער האָבן זייער אויסוואַל געמאַכט, דער מאַרקסיזם האָט באַהערשט די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט.

# די רוסישע רעוואָלוציע און דער אַלוועלטלאַכער סאָציאַליזם

### .1

מיטן אויסנאַם פון אַ גאַנץ קליין הייפעלע איזאָלירטע סאָציאַליסטן זיינען איצט ניטאָ קיין אָפענע סאָציאַליסטישע שונאים פון סאָוועט רוסלאַנד. אפילו די פון די סאָציאַליסטן, וואָס ריידן מיט שוים אויף די ליפּן וועגן באָלשעוויזם, וועגן דריטן אינטערנאַציאָנאַל און וועגן דער קאָמוניסטישער טאַקטיק, מוזן צוגעבן, צי זיי ווילן אָדער ניט, אַז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז פון דער גרעסטער און וויכטיקסטער באַדייטונג פאַרן אַלוועלטלאַכן סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם, טעאָרעטיש און פּראַקטיש, פון נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, קען שוין מער ניט זיין דער זעלבער ווי ער איז געווען פריער.

מיט דעם אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914 האָט זיך געענדיקט די צווייטע גרויסע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. דאָס איז געווען די עפּאָכע פון דעם פרידלאַכן אָפּאָרטוניסטישן סאָציאַליזם. מיט דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע הויבט זיך אָן אַ נייע (די דריטע) עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. די עפּאָכע פון פאַרשאַרפטן רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף. די איינפירונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד האָט אָפיציעל רעגיסטרירט די ענדע פון די אַלע שיינע אילוזיעס וועגן „אַריינוואַקסן אינם סאָציאַליזם“ און האָט פּראָקלאַמירט פאַר דער וועלט דעם אַלטן, אָבער שוין באַלד פאַרגעסענעם דעוויז: „דער סאָציאַליזם מוז אויסגעקעמפט ווערן“.

די גרויסע באַדייטונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע פאַרן אַלוועלטלאַכן סאָציאַליזם באַשטייט אָבער ניט בלויז אין דער צוריק־פּראָקלאַמירונג פון די רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּן פון סאָציאַליזם, נאָר נאָך מער אין דעם, וואָס אַ דאַנק איר איז פאָרגעקומען די גרויסע אַלוועלטלאַכע פאַנאַנדערטיילונג פון די אָפּאָרטוניסטישע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין דער באַוועגונג, און עס איז געשאַפן געוואָרן דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל, דער דאָזיקער זאַמלפּונקט פון די רעוואָלוציאָנערע כחות פון דער וועלט „דער גענעראַל־שטאַב פון דער וועלט־רעוואָלוציע".*)

די „ווייכהאַרציקע" מענטשן הערן נאָך אַלץ ניט אויף צו קלאָגן אויף דעם, וואָס די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז צעשפּאָלטן, שוין אפילו זעלטענער, אָבער דאָך הערן זיך נאָך אַלץ די שטימען פון די רודף־שלומניקעס, וועלכע וואָלטן וועלן זען פאַראייניקט אַלע ריכטונגען, פון די עקסטרים רעכטסטע ביז די עקסטרים לינקסטע.

ניט אַלע מאָל זיינען אָבער שפּאַלטונגען אַן אומגליק, אַמאָל זיינען זיי אַ גליק. אויב מענטשן קענען ניט ארבעטן צוזאַמען, זאָלן זיי בעסער אַרבעטן באַזונדער. נאַטירלאַך, ווען שפּאַלטן ווערט אַ פּרינציפּ, ווען מען הויבט אָן שפּאַלטן פּאַרטייען, בלויז דערפאַר ווייל „מען מוז שפּאַלטן", אַז מען הויבט אָן זוכן אורזאַכן פאַר שפּאַלטונגען, שאַפן אורזאַכן ווען נויטיק, צוטשעפּען זיך צו ניט ווייכטיקע קלייניקייטן, כדי צו קענען מקיים זיין די מצוה פון שפּאַלטן זיך, ווי דאָס פּאַסירט ליידער צו אָפט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פאַר דער לעצטער צייט, דאַן, נאַטירלאַך, זיינען די שפּאַלטונגען אַן אומגליק; דאַן אַלס פאַרשטייער און פאַרקעמפער פון אַ נייעם מין סאָציאַליזם. ניט אַלס פאַרדיקער פון אַ נייער שיטה אין סאָציאַליזם, נאָר אַלס דער אויפהאַלטער פון דעם אַלטן ריינעם מאַרקסיזם. ווען מיר באַטראַכטן די גאַנצע צאָלרייכע פּאָלעמישע ליטעראַטור וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר די לעצטע עטלאַכע יאָר, בעת דעם קאַמף

*) געגרינדעט אין מאָסקווע, מערץ 26־1919

זיינען די שפּאַלטונגען אַ סימן, אַז די באַוועגונג איז קראַנק, אומנאָרמאַל, דאַן מוז קעגן דער קראַנקהייט געזוכט ווערן רפואות.

די שפּאַלטונג, אָבער, וואָס האָט אין אָנהויב פאַראורזאַכט די צעטיילונג אין צווייטן און דריטן אינטערנאַציאָנאַל, איז ניט נאָר געווען אַ באַרעכטיקטע, נאָר אויך אַ דורכאויס נויטיקע. אין דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע די, וואָס האָבן זיך שוין פון לאַנג אָפּגעזאָגט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, פאַר וועמען דער סאָציאַליזם איז געוואָרן עפּעס אַ ווייט שיינענדיקער שטערנדל, צו וועלכן די מענשהייט (ניט דער פּראָלעטאַריאַט!) וועט אין פאַרלויף פון פילע יאָרן צוקומען, גייענדיק רואיק און געלאַסן, טריט ביי טריט, הגם די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו רופן מאַרקסיסטן, האָבן זיי אָבער פון זייער מאַרקסיזם ארויסגעריסן און פאַרוואָרפן זיין נשמה. ווייל די נשמה פון דעם מאַרקסיזם איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, פון וועלכער די אָפּאָרטוניסטן האָבן זיך אַנטזאָגט.

די אַלע, פאַרקערט, ביי וועמען דער גלויבן אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז געבליבן אומבאַרירט, וועלכע זיינען פריער נאָך פאַר דער מלחמה, די גאַנצע צייט פעסט געשטאַנען אויפן פרינציפּ פון קלאַסן קאַמף און געגלויבט אַז די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז צו צוגרייטן דעם פּראָלעטאַריאַט, פאַר זיין דיקטאַטור, וועלכע מוז קומען האָבן זיך פאַראייניקט אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

די מלחמה, און דער פאַרראַט פון די מערסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם קעגנזאַץ צווישן די רעוואָלוציאָנערע און אָפּאָרטוניסטישע ריכטונגען אין דער באַוועגונג. דערצו איז נאָך צוגעקומען די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד, זי האָט פון איין זייט געצוואונגען די אָפּאָרטוניסטן אָפּן אַרויסטרעטן קעגן יעדער פּראָבע פון אַ פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, און דערמיט פון זיך אַליין אַראָפּרייסן די מאַסקע פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם הינטער וועלכער זיי פלעגן באַהאַלטן זייער אָפּאָרטוניזם, פון דער צווייטער זייט האָט די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד אַריינגעגאָסן אַ נייעם שטראָם פון

ענערגיע און האָפנונגען אין די הערצער און נשמות פון די רעוואָ־לוציאָנערן. „די רוסישע רעוואָלוציע, דאָס איז בלויז דער אָנהויב, די אנדערע לענדער וועלן באַלד נאָכפאָלגן רוסלאַנדס ביישפּיל. די צייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז שוין געקומען, אַלע כחות מוזן איצט אָנגעשטריינגט ווערן פאַר אַט דעם לעצטן קאַמף, פאַר דער איינפירונג פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט איבער דער גאַנצער וועלט".

.2

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל*) איז געגרינדעט געוואָרן ניט אַלס פאַרשטייער פון א נייעם מין סאָציאַליזם, ניט אַלס פריידיקער פון אַ נייער שיטה אין סאָציאַליזם, נאָר אַלס דער אויפהאַלטער פון דעם אַלטן ריינעם מאַרקסיזם. ווען מיר באַטראַכטן די גאַנצע צאָל רייכע פּאָלעמישע ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר די לעצטע עטלאַכע יאָר, בעת דעם קאַמף צווישן די פ א ר ש י י ד ע נ ע ריכטונגען, וואַרפט זיך איבערהויפּט אין די אויגן דער פאַקט, אַז דער הויפּט אַרגומענט פון אַלע צדדים איז געווען: „איר זייט ניט קיין אמת'ע מאַרקסיסטן, די אמת'ע מאַרקסיסטן זיינען מיר". לענין, טראָצקי. ראַדעק, בוכארין און זייערע נאָכפאָלגער, האָבן איבערהויפּט געזוכט צו באַווייזן, אַז

---

*) אַז דער קאָמינטערן האָט אַלס דריטער אינטערנאַציאָנאַל באמת געקענט ווערן דער זאַמלפּונקט פאַר אַלע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן איז קיין ספק ניט. די קורצזיכטיקע פירער, אָבער פון קאָמינטערן האָבן געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט צו מאַכן פון אים „אַ גענעראַל שטאַב" פון הייפעלאַך סעקטאַנטן איבער דער וועלט, און פאַרטרייבן זיינע בעסטע פירער און טוער. מיט זיין טאַקטיק פון שפּאַלטן פּאַרטייען, האַלטען אין איין אויסשליסן „הערעטיקער" (צווישן וועלכע עס געפינען זיך שוין איצט די מערסטע פון זיינע געוועזענע כהנים גדולים), האָט דער קאָמאינטערן זיך אַליין איזאָלירט פון דער גאַנצער סאָציאַליסטישער וועלט. זע „די אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער טאַקטיק" ז. 132-161

זייערע קעגנער, איבערהויפּט אַזוינע אַנערקענטע מאַרקסיסטן, ווי קאַוטסקי, פּלעכאַנאָוו, מאַרטאָוו, הילפערדינג און אַנדערע, זיינען געוואָרן אויס מאַרקסיסטן, האָבן זיך פון זייער מאַרקסיזם אַנטזאַגט. דער צווייטער צד האָט געפּרואווט טאָן דאָסזעלבע, זיי האָבן ניט אַזוי פיל געזוכט צו באַווייזן אַז די מיינונגען און מעשים פון די באָלשעוויקעס זיינען שלעכט אָדער פאַלש, ווי אַז זיי זיינען ניט מאַרקסיסטיש.

ווען יער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „קאָמוניסטישער“ איז דאָס אויך פאַר אַלעמען געווען קלאָר אַז דאָס מיינט ניט, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ גאַנץ נייעם מין קאָמוניזם, נאָר בלויז מאַרקסיסטן, וואָס זיינען געבליבן געטריי זייער לערער און נעמען אָן דעם נאָמען וועלכן זייערע לערער האָבן געטראָגן. מאַנכע גאַנץ אַנגעזעענע פירער און טעאָרעטיקער פון קאָמוניזם, אַזוינע ווי לענין*), אין זיינע פאַרשיידענע פּאָלעמישע שריפטן; זינאָוויעוו, אין זיינע ביכער „ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר אינטערנאַציאָנאַל און די מלחמה פּראָבלעם“, „אַנטזאַגן מיר זיך פון דער ירושה“ און סטעקלאָוו, אין אַ ספּעציעל אָנגעשריבענעם ביכל „ווער זשע זיינען די קאָמוניסטן?“, האָבן אַלע געזוכט צו באַווייזן, אַז זיי קומען ניט מיט קיין נייעם, נאָר בלויז אַלס די אויפהאַלטער פון, און פאַרקעמפער פאַר דעם ריינעם מאַרקסיזם.

די נשמה פון דעם מאַרקסיזם, איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, און די סאָציאַלע רעוואָלוציע פאַר מאַרקסן, הויבט זיך אומפאַרמיידלאַך אָן מיט דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אין אַ בריף צו וועדמייערן שרייבט מאַרקס:

„וואָס אַנבאַלאַנגט מיר, קען איך ניט פּרעטענדירן אַז איך האָב אַנטדעקט די עקזיסטענץ פון קלאַסן אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט, אָדער זייער קאַמף איינער קעגן צווייטן. די מיטל־קלאַס היסטאָריקער האָבן שוין פיל פריער באַשריבן די עוואָלוציע פון

---

*) זע איבערהויפּט זיין „פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע און דער רענעגאַט קאַוטסקי“.

קלאַסן־קאַמף, און די פּאָליטיקאָ־עקאָנאָמיסטן האָבן באַוויזן די פיזיאָלאָגיע פון די קלאַסן. איך האָב צוגעגעבן אַלס נײַ בײַטראַג דאָס פאָלגענדע: 1) אַז די עקזיסטענץ פון קלאַסן, איז צונויפגעבונדן מיט אַ באַשטימטער פאַזע פון דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע; 2) אַז דער קלאַסן־קאַמף פירט נויטיגערווייז צו דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט; 3) אַז די דיקטאַטור איז בלויז דער איבערגאַנג צו דער אָפּשאַפונג פון אַלע קלאַסן, און צו דער באַשאַפונג פון אַ געזעלשאַפט פון פרייע און גלייכע"*).

מיר זעען, אַלזאָ, אַז מאַרקס אַליין באַטראַכט די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט פאַר איינעם פון די גרונט יסודות פון זיין מאַרקסיזם אַנערקענענדיק, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט סיסטעם. ג. וו. פּלעכאַנאָוו, אָן ספק דער בעסטער קענער פון איז איינער פון די וויכטיקע עקרים פון מאַרקסיזם, דערקלערט זייער קלאָר, וואָס מ'דאַרף פאַרשטיין אונטער'ן באַגריף „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", ער זאָגט: „די דיקטאַטור פון אַ באַשטימטן קלאַס. מיינט... **די הערשאַפט** פון דעם דאָזיקן קלאַס, וואָס דערלויבט אים צו באַלעבאַטעווען (אויסנוצן) איבער דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלאַכער מאַכט, פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיינע אינטערעסן און פאַר דער אונטערדריקונג פון אַלע די באַוועגונגען, וואָס שטערן די דאָזיקע אינטערעסן**). **טעאָרעטיש** אַנערקענען דאָס אַלע מאַרקסיסטן, אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אפילו פון דער פרידלאַכסטער צייט, פלעגט מען אָפט איבער'חזר'ן די פראַזע „די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט", אָבער באמת האָט דאָס פאַר די מערסטע מאַרקסיסטן פאַרלאָרן יעדע באַדייטונג. אַ פּאַרטיי וואָס גרייט זיך ערנסט סוף כל סוף צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט אין אירע הענט, אויסאיבן אַ דיקטאַטור, ד. ה. אונטערדריקן די אַנדערע קלאַסן און **דורך מאַכט** איינפירן אַ נייע געזעלשאַפטלאַכע אָרדנונג, מוז דאָך זיין זייער נאַאיוו צו דענקען, אַז די אַנדערע קלאַסן וועלן שטיין מיט צונויפגעלייגטע

*) M. Beer. K. Marx etc.

**) ג. וו. פּלעכאַנאָוו'ס פאָרעדע צום קאָמוניסטישן מאַניפעסט, געזאַמלטע שריפטן, ב. 9.

הענט און צוקוקן ווי דער ביז איצט אונטערדריקטער קלאַס ווערט אַן אונטערדריקער. עס איז דאָך קלאָר, אַז די אַנדערע קלאַסן וועלן קעגן דער דיקטאַטור אַרויס אין קאַמף. די דיקטאַטור וועט אַלזאָ פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בירגער־קריג, און פאַר אַ קריג דאַרף מען דאָך האָבן אַן אַרמיי וואָס זאָל זיין צום קריג גרייט, וואָס־זשע האָבן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געטאָן פאַרצובערייטן אַזאַ אַרמיי? בוכשטעבליך גאָרניט!

אָבער, וואָס האָבן זיי געקענט טאָן? זאָלן זיי זיך געוועזן נעמען אָרגאַניזירן אַ באַוואַפנטע מאַכט צו פאַרכאַפּן אין זייערע הענט דעם שטאַט? דאָס וואָלט זיין פּשוט אַן אומזין, ווייל איידער זיי וואָלטן נאָך צייט געהאַט מאַכן דעם ערשטן שריט, ניט צו פאַרכאַפּן די מאַכט, נאָר פּשוט אָרגאַניזירן אַ באַוואַפנטע מאַכט, וואָלט זיי דער דערוויל עקזיסטירנדיקער קאַפּיטאַליסטישער שטאַט צעדריקט אויף טויט. זיי וואָלטן מוזן אַוועק אונטער דער ערד, ווערן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, און עס איז קלאָר היינט פאַר אַלעמען, אַז אין קיינער פון די אַנטוויקלטע אייראָפּעאישע לענדער, קען קיין אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, בשום אופן ניט דערגרייכן די מאַסן און ניט קריגן זייער צוטרוי.

אויך באַשטייט ניט זייער הויפּט חסרון אין דעם, וואָס זיי האָבן פיל צייט, מי און אַרבעט אַוועקגעגעבן פאַר באַלדיקע דער־גרייכונגען, פאַר פּאָליטישע און סאָציאַלע רעפאָרמען. אַן און פאַר זיך איז דאָס ניט קיין חסרון. די געגנוואַרטס־טעטיקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז געווען און איז פאַרבליבן ביז'ן היינטיקן טאָג זייער וויכטיקסטער אַגיטאַציאָנס מיטל. ריידנדיק וועגן סאָציאַלע רעוואָלוציע און סאָציאַלע רעפאָרמען, דערקלערט ראָזאַ לוקסעמבורג*) „קען די סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע זיין קעגן סאָציאַל רעפאָרמען? און ווי קען זי אַוועק־שטעלן איר ענד־ציל, — די סאָציאַלע רעוואָלוציע... ווי אַ קעגנזאַץ צו סאָציאַלע רעפאָרמען? געוויס ניט, דער טאָג־טעגלאַכער פּראַק־

*) ר. לוקסעמבורג: „רעפאָרם און רעוואָלוציע“, אידישע איבער־זעצונג, ז. 43 און ווייטער.

טישער קאַמף פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען, פאַר דעמאָקראַטישע איינ־ריכטונגען — אַ קאַמף וואָס שטרעבט צו פאַרבעסערן די לאַגע פונם אַרבעטער קלאַס אויפן באָדן פון די הייַנטיקע באַדינגונגען — אַזאַ קאַמף איז פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דער איינציקער וועג פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף, כדי אַריינצוקריגן די פּאָליטישע מאַכט און איינגאַנצן פאַרניכטן די סיסטעם פון לוין־שקלאַפעריי". דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון ראָזאַ לוקסעמבורג, דאָס איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון יעדן מאַרקסיסט. דער אומגליק מיט די ס. ד. פּאַרטייען איז, אַלזאָ, געווען ניט וואָס זיי זיינען געווען פאַר רעפאָרמען, נאָר וואָס זיי האָבן אין די פילע יאָרן פון פרידלאַכער אַנטוויקלונג פּאַקטיש איינגאַנצן אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע צו וועלכער די רעפאָרמען דאַרפן פירן. די רעפאָרמען גופא האָבן זיך ביי זיי פאַרוואַנדלט פון אַ מיטל צום ציל — אין אַ ציל פאַר זיך. אַלץ אָפטער האָבן זיך געהערט שטימען אין די רייען פון דער ס. ד. אַז „די צייט פון רעוואָלוציעס איז שוין פאַריבער" און די וואָס האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן ביי דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָבן גע'חלום'ט פון עפּעס אַ פרידלאַכער רעוואָלוציע, אַ רעוואָלוציע אין זיידענע הענטשקעס.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט פאַר זיך געהאַט דערפאַר אַלס צווייטע אויפגאַבע, אָנצופירן אַ קאַמף קעגן אָט די דאָזיקע רעפאָרמערישע טענדענצן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און צוריק אַוועקשטעלן די סאָציאַלע רעפאָרמען און די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אויף זייערע ריכטיקע פּלעצער.

.3

די דירעקטע אורזאַכע פאַר דער אַלוועלטלאַכער שפּאַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז געווען די רוסישע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע. די שטעלונג וואָס די בערנער קאָנפערענץ האָט אָנגענומען וועגן דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, איז געווען אַזוי ניט סאָציאַליסטיש און אַזוי באמת קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, אַז זי האָט שוין געמאַכט אַפילו פאַר אוממעגלאַך צו דיינקען וועגן פאַראייניקונג, ניט נאָר האָט די שטעלונג פון צווייטן

אינטערנאציאָנאַל צו רוסלאַנד אָפּגעטריבן פון זיך די עקסטרים לינקע עלעמענטן פון דער באַוועגונג, נאָר אויך די צענטריסטן, די וואָס וואָלטן צוליב אחדות אפילו פאַרבויגן מאַנכע פּרינציפּן.

די טענה, אַז די רוסישע רעוואָלוציע „איז ניט מאַרקסיסטיש“ איז דאָך פּשוט אַ לעבערלאַכע! אויב די רוסישע רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען להיפוך צו אַלע מאַרקסיסטישע אויסרעכענונגען איז שולדיק אין דעם אָדער דער מאַרקסיזם, אָדער די אויסרעכענונגען, זיכער איז ניט שולדיק די רעוואָלוציע. און ווער דאַרף נאָך וויסן אַזוי גוט ווי אַ מאַרקסיסט אַז קיין רעוואָלוציעס מאַכט מען ניט, נאָר זיי מאַכן זיך אַליין? אַז מען קען פּונקט אַזוי קינסטלאַך ארויסרופן אַ רעוואָלוציע ווי אָפּשטעלן איר? עס איז היינט קלאָר פאַר אַלע אומפּאַרטייאישע אויספאָרשער פון דער רוסישער רע־וואָלוציע, אַז ניט נאָר האָבן די באָלשעוויקעס געדאַרפט פאַרכאַפּן די מאַכט אין די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר זיי האָבן דאָס געמוזט, זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן דערצו דורך די אומשטאַנדן אין וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך געפונען.

נאָך מיט אַ פּאָר חדשים פאַר דער באָלשעוויסטישער איבער־קערעניש, ווען די מאַטאָ פון די באָלשעוויקעס איז נאָך געווען „די גאַנצע מאַכט צו די סאָוועטן“ האָט לענין, אין זיינע טעזיסן, וואָס זיינען נאָכדעם אַרויס מיט דערקלערונגען אין אַ באַזונדער בראָ־שורע, וואו ער פּאָלעמיזירט מיט זיינע איצטיקע ארויסהעלפער, כמעקלאָוו, קאַמעניעוו און אנד. דערקלערט, אַז ער ווייס אַז אין רוסלאַנד קען מען קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע איצט ניט מאַכן שפּעטער האָט ער זיינע מיינונגען געביטן. ווי אַן עכטער מאַרק־סיסט האָט לענין געקעמפט קעגן אָנגענומען איין מאָל פאַר אַלע מאָל געגעבענע לאָזונגען. וואָס היינט איז אמת קען מאָרגן פאַלש זיין, וואָס היינט איז גוט און נויטיק קען מאָרגן זיין שלעכט און שעד־לאָך, איבערהויפּט נאָך אין צייט ווען די לאַגע ענדערט זיך ניט פון טאָג, נאָר פון שעה*).

*) זע: לענין, „טעאָריע און פּראַקטיק פון דער רעוואָלוציע“, אידישע איבערזעצונג, ז. 135.

די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע, די טאַק־טיק פון די באָלשעוויקעס, די דיקטאַטור פון די קאָמוניסטן, דער „טשעקאַ“, אַלע זייערע טעות׳ן, שטאַמען נאַטירלאַך ניט פון שלעכטקייט און ניט פון נ א ר י ש ק י י ט, נאָר פון נויטוועגדיקייט. דער פּראָלעטאַריאַט האָט פאַרכאַפּט די פּאָליטישע מאַכט, קיין אַנדער אויסוועג איז פאַר רוסלאַנד ניט געווען, אָבער איין מאָל פאַרכאַפּט די מאַכט מוז ער איר אַנהאַלטן. ווער עס שטעלט זיך אין וועג, יענער איז אַ שונא; וועלכע מיטלען עס העלפן מוז מען אַנווענדן — אָדער פאַרלירן; און פאַרלירן מיינט, ערשטנס, געבן דעם סאָציאַליזם אַ שטויס צוריק אויף דורות, און צווייטנס, איבערגעבן רוסלאַנד אין די הענט פון דער פינסטערער מאַכט, וועלכע וואָלט זיין נאָך ערגער פון צאַריזם. נעמט צ. ב. ש. די פראַגע פון טעראָר, ניט נאָר „גוט האַרציקע ליבעראַלן“, נאָר אויך אַלע סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן, זיינען אָפּט אויפגע־ציטערט געוואָרן פון די מיטלען מיט וועלכע קעגנער זיינען אָפּט אונטערדריקט געוואָרן, פונדעסטוועגן גיט היינט צו יעדער איינער, וואָס איז נאָר ניט קיין שונא פון סאָציאַליזם בכלל, אַז די סאָוועט רעגירונג האָט זיך ניט געקענט העלפן, עס איז געווען אַ פראַגע פון לעבן און טויט*). ווען קאַוטסקי שרייבט אַ בוך קעגן טעראָריזם בכלל, באַווייזט אַז טעראָר איז ניט מאַרקסיסטיש און בכלל ניט עטיש, ווייזט דאָס אַז דער אַלטער מאַרקסיסט קוקט אויף רוסלאַנד מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווייל עס איז ניט די פראַגע, צי איז עס עטיש אָדער מאַרקסיסטיש, נאָר צי האָט די סאָוועט רעגירונג געקענט בלייבן לעבן אָן דעם. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן אַלע האַנדלונגען פון דער סאָוועט רעגירונג. ניט דער רעזולטאַט פון פרייען אויסוואַל זיינען זיי געווען, נאָר דער רעזולטאַט פון ס פּ ע צ י ע ל ע  א ו מ ש ט ע נ ד ן, איבער וועלכע זיי אַליין

*) דאָס באַרעכטיקט נאַטירלאַך ניט די ברוטאַלע אונטערדריקונג פון די אַלע סאָציאַליסטן וואָס זיינען מיט די קאָמוניסטן ניט מסכים. אין דער איצטיקער צייט, ווען דער מיליטערישער קאָמוניזם איז אָפּגע־שאַפט געוואָרן און דער נעפּ איז איינגעפירט געוואָרן.

זיינען ניט געווען די באַלעבאַטים.

עס איז גאַנץ נאַטירלאַך, אַז די אָפּאָרטוניסטן מכל המינים זאָלן זיך גלייך שטעלן קעגן דער רוסישער רעוואָלוציע, און אַז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל זאָל די רוסישע רעוואָלוציע נעמען אונטער זיינע פליגלען, און איר קעגן אַלע אירע (דערהויפּט סאָציאַליסטישע) שונאים, פאַרטיידיקן.

די פולסטע שטיצע פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע איז, אַלזאָ, געוואָרן דער הויפּט יסוד פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט צום ערשטן מאָל פּרובירט פאַרווירקלאַכן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. אויף איר גורל איז, פאָלגלאַך, אויסגעפאַלן אויסצואַרבעטן די פאָרמען פון דער דיקטאַטור. די פאָרמען וואָס די דיקטאַטור אין רוסלאַנד האָט אָנגענומען זיינען די אַרבעטער ראַטן (סאָוועטן). צי וועט די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אומעטום אָננעמען פּונקט די זעלבע פאָרמען, איז שווער פאַראויסצוזאָגן, אָבער אַז אומעטום וועט זי זיך מוזן אויסדריקן אין ע נ ל א כ ע פ אָ ר מ ע ן , איז זיכער. די סאָוועטן־פאָרמע פון דער דיקטאַטור איז דערפאַר מיט רעכט געוואָרן איינער פון די גרונט יסודות פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

# צום דריטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן

.1

אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג איז איצט ניט רואיק. די לאַגע אין איטאַליע איז זייער ניט קיין צופרידנשטעלנדיקע, פון פראַנקרייך האָט מען אויך קיין גרויס נחת ניט. אָבער ערגער ווי אומעטום איז אין דייטשלאַנד. די קליינע, און ווי מען האָט פריער גערעכנט, אומבאַדייטנדיקע סכסוכים צווישן די פאַרשיידענע ריכ־טונגען אין דער פאַראייניקטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטש־לאַנד זיינען זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין אַ פאַרביטערטן פראַקציאָנס קאַמף. פּאָול לעווי, קלאַראַ צעטקין, האָפמאַן, דיומיג, האָבן פריער רעזיגנירט פון דעם צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אַלס פּראָטעסט קעגן דער אויפפירונג פון דעם אויספיר־קאָמיטעט פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, קעגן דער טאַקטיק פון „אי־מער רייניקן“ וואָס איז אייגנטלאַך דאָס זעלבע וואָס „אימער שפּאַלטן“ די פּאַרטייען און ניט לאָזן זיך זיי אַנטוויקלען. לעצטנס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז פּאָול לעווי, דער אַנגעזעענסטער פירער פון די דייטשע קאָמוניסטן איז פון דער פּאַרטיי אינגאַנצן אויס־געשלאָסן געוואָרן, מיט אים זיינען אויך אַוועק אַ גרויסע צאָל אַנדערע וויכטיקע טוער. דאָס מיינט פאַקטיש אַ שפּאַלטונג אין דער פאַראייניקטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד.

נעמט מען אין אַנבאַטראַכט אַז די פאַראייניקטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד איז איצט נאָך די שפּאַלטונגען אין די פאַרשיידענע לענדער, כמעט די איינציקע גרויסע און וויכטיקע פּאַרטיי אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל (אויסער דער רוסישער פּאַרטיי, נאַטירלאַך), דאַן ווערט קלאָר, אַז ריידן דאַרף מען אייגנטלאַך ניט וועגן אַ קריזיס אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, נאָר אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. עס הויבט אָן ביסלאַכווייז קלאָר ווערן אפילו פאַר די איבערגעבנסטע אַנהייגער פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אַז מען האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. די צענטראַליזאַציע, וועלכע איז, אָן צווייפל, אין אַ גרויסער מאָס נויטיק פאַר אַן אַרבעטספּייאיקן אינטער־

נאַציאָנאַל, איז אוועק צו ווייט און איז געוואָרן די וויכטיקסטע שטערונג אויף דעם אַנטוויקלונגס־וועג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. דער קומענדיקער דריטער קאָנגרעס פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועט זיך מוזן וועגן דער לאַגע פאַרטראַכטן און אננעמען מיטלען קעגן דעם.

.2

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט געוואָרן אַלס אַן אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. כדי אַ פּאַרטיי זאָל זיך געווען קענען אָן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל אָנשליסן האָט זי זיך געמוזט אָנטזאָגן פון אַלע אָפּאָרטוניסטיש־סאָציאַל־רעפאָרמערישע האָפנונגען, וואָס האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה פאַרנומען דעם אויבנאָן אין די מערסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זי האָט געמוזט זיך צוריק אומקערן צום רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. די יסודות אויף וועלכע דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז געגרינדעט, און וועלכע יעדע פּאַרטיי וואָס האָט זיך געוואָלט אָן אים אָנשליסן האָט געמוזט אָנערקענען זיינען געווען: די אָנערקענונג, אַז מיר זיינען שוין אַריינגעטראָטן אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַז די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז אומפאַרמיידלאַך אויפן וועג צום סאָציאַליזם, אַז די רוסישע ערפאַרונג האָט אונז באַוויזן, אַז די סאָוועטן פאָרמע פון רעגירונג איז דער אינסטרומענט וואָס איז אַמבעסטן צוגעפּאַסט פאַר דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס זיינען געווען אַלגעמיינע גרונט־פּרינציפּן, וועלכע יעדער פּאַרטיי האָט געדאַרפט אוועקלייגן אַלס יסוד פון איר טעטיקייט, אַלגעמיינע ריכט־ליניען פאַר דער טאַקטיק פון די פּאַרטייען. עס זיינען ניט אויסגעאַרבעט געוואָרן קיין באַשטימטע כללים ווי אַזוי יעדע פּאַרטיי מוז זיך אויפפירן, ווי זי זאָל זיך רופן, ווי אַזוי זי זאָל אָנפירן איר פּראָפּאַגאַנדע. די פּאַרטייען זיינען, אַריינטרעטנדיק אין דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, פאַרבליבן, ווי געווען, זעלבסטשטענדיקע. דער צענטראַליזם פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַלע פּאַרטייען האָבן געמוזט זייער טעטיקייט

אוועקשטעלן אין איינקלאַנג מיט די אויבנדערמאָנטע גרונט־פּרינציפּן.

דאָס אַלעס האָט זיך אָבער שפּעטער געענדערט. ביי דעם צווייטן קאָנגרעס פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז ער פון אַ ד ר י ט ן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ק אָ מ ו נ י ס ט י ש ן. דער אונטערשייד איז נאַטירלאַך קלאָר פאַר אַלעמען. אַלס דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז ער אייגנטלאַך געווען אַ פאָרטזעצונג פון די טראַדיציעס פון דעם ערשטן און צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. זיך אָפּזאָגנדיק פון די פעלערן פון דעם צווייטן, צופּאַסנדיק זיך צו די פאָדערונגען און באַדינגונגען פון דער נייער צייט, איז ער דאָך געווען אַ פאָרטזעצונג, אַ רינג אין דער קייט פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. ווערנדיק אַ קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, איז ער שוין אַוועק אינגאַנצן אויף אַ נייעם וועג. ווערנדיק אַ קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, ווערט ער אייגנטלאַך אויס אינטערנאַציאָנאַל און ווערט בלויז אַ מין צ. ק. פון איין גרויסער, אַלוועלטלאַכער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. עס האַנדלט זיך שוין מער ניט וועגן דעם, וועלכע פּ אַ ר ט י י ע ן קענען אריין אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַזאַ פראַגע איז איבעריק. קיינע פּאַרטייען קענען אין אים ניט אריין, בלויז סעקציעס פון דער איין גרויסער אַלוועלטלאַכער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די פראַגע איז געוואָרן, ו ו ע ל כ ע ק אָ מ ו נ י ס ט ן קענען אין אים אריינגענומען ווערן.

דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז געוואָרן פּאָפּולער. אומעטום האָט זיך אַלץ העכער און העכער דערהערט די פאָדערונג פון די סאָציאַליסטישע מאַסן פאַר אָנשליסן זיך אָן דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. האָבן זיך זיינע פירער דערשראָקן און וואָס שנעלער זיך ארומגעצאַמט פון אָט דער געפאַר. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן די באַרימטע 21 פּונקטן, וועלכע מאַכן ניט נאָר דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל פאַר אַ קאָמוניסטישן, נאָר פירן אויך איין אַזאַ מין צענטראַליזאַציע, לויט נאָך וועלכע פּאַרטייען, אָדער בעסער געזאָגט סעקציעס, קענען בלויז נעמען „אָרדערס" אָבער זייער זעלבסטשטענדיקייט פאַרלירן זיי אינגאַנצן. ניט נאָר האָבן די 21 פּונקטן געזוכט

צו מאַכן אַז „אַלע יונים זאָלן האָבן איין פּנים" נאָר אויף פאַרצאַמען דעם וועג, אַז אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג זאָלן זיך אַמאָל אַנטוויקלען וועלכע עס איז מיינונגס־פאַרשיידנהייטן.

.3

די צום העכסטן גראַד צענטראַליזירטע פירונג פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז אין דער פּראַקטיק דורכגעפאַלן. עס האָט זיך דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זיכער איינגעגעבן צו פאַרטרייבן אַ גאַנץ גרויסע אַרמיי פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן פון זיך, אָבער שאַפן אַ גרויסע, מעכטיקע באַוועגונג האָט זיך אים ניט איינגעגעבן. נאָכן גאַנצן טומל איז איצט די קאָמוניסטישע באַוועגונג ווייט ניט אָט די מאַכט, וועלכע דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל וואָלט געקענט זיין. טראַכט מען זיך אַריין אין די אורזאַכן פון דער דאָזיקער דערשיינונג, ווערט גלייך קלאָר, אַז עס האָט אַנדערש ניט געקענט זיין. דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל האָט וועלנדיק דורכפירן אין לעבן זיין צענטראַליסטישן פּרינציפּ, צעשפּאָלטן די איטאַליענישע פּאַרטיי, אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער פאַראייניקטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, און אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אָפּגעשוואַכט דער פראַנצויזישער.

וואָס איז דען פאָרגעקומען אין איטאַליע? די פירער פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט, אַז זיי, אין מאָסקווע, קענען בעסער אורטיילן וועגן דער לאַגע אין איטאַליע, ווי די איטאַליענער. וואָס איז דען פאָרגעקומען אין דייטשלאַנד? דאָסזעלבע. אין זיין שטרעבן צום צענטראַליזם איז דער ק. א. נאָך געגאַנגען ווייטער. לויט פּאול לעווי גיט איבער האָט דער פאַרשטייער פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל ריידנדיק וועגן דער שפּאַלטונג אין דער איטאַליענישער פּאַרטיי, דערקלערט, אַז דאָס איז בלויז די ערשטע שפּאַלטונג, אַז אַזוינע דאַרפן אויך אין אַנדערע לענדער דורכגעפירט ווערן, פּשוט אוים דעם פּרינציפּ פון „ריניקן" די באַוועגונג. און עס איז אויך גאַנץ פאַרשטענדלאָך. אויב מען וויל אַז „אַלע יונים זאָלן האָבן איין פּנים" וועט מען מוזן שטענדיק האַלטן אין איין ריניקן, און

דער רעזולטאַט דערפון מוז זיין, קיין מאָל ניט דערלאָזן אַז גרויסע, שטאַרקע מאַסן פּאַרטייען זאָלן אויפגעבויט ווערן.

ווען דער צווייטער קאָנגרעס האָט אָנגענומען די 21 פּונקטן, האָט ער דאָס געטאָן אונטערן איינדרוק, אַז די וועלט־רעוואָלוציע וועט אויסברעכן אין פאַרלויף פון די קומענדיקע עטלאַכע חדשים. וועןביים צווייטן קאָנגרעס איז גערעדט געוואָרן וועגן דער „תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין וועלכער מיר זיינען שוין אריינגעטראָטן" האָט דאָס געמיינט אַז דער דירעקטער קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור האָט זיך שוין אָנגעהויבן, אָדער הויבט זיך היינט מאָרגן אָן. וועט נעמען נאָך אַ פּאָר חדשים און דער קלאַסן קאַמף אין אַלע לענדער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם בירגער קריג, און די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור ווערט אומעטום איינגעפירט. די טאַקטיק פון דעם ק. א. האָט געדאַרפט, באַלגלאַך, זיין, די טאַקטיק פון אַ הויפּט־שטאַב, פון אַ קעמפנדיקער אַרמיי, די אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אַרמיי מיט אַ מיליטערישער דיסציפּלין.

די לאַגע איז איצט אַנדערש. עס איז איצט קלאָר, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז ניט קיין פראַגע פון חדשים, נאָר פון יאָרן, פון יאָרן שווערער אַרבעט, אויפקלערונג, אָרגאַניזירונג און קאַמף. דאָס גיבן שוין איצט צו אַלע, אויך ראַדעק בתוכם. אָבער דאַן, מוז דער אינטערנאַציאָנאַל אָננעמען אַ נייע טאַקטיק, וועלכע זאָל דערמעגלאַכן די פּאַרטייען אָנפירן זייער אַרבעט בהסכם מיט די באַדינגונגען פון די באַזונדערע לענדער, דער אינטערנאַציאָנאַל מוז צוריק פון אַ הויפּט־שטאַב פון אַן אַרמיי, וואָס שטייט אין שלאַכט, ווערן אַן אינטערנאַציאָנאַל פון רעוואָלוציאָנערע קעמפנדיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. די 21 פּונקטן וועלן מוזן אָפּגעשאַפט ווערן. געוויס וועט דער דריטער קאָנגרעס מוזן אויסאַרבעטן אַן אָרגאַניזאַציאָנס פאָרמע, און אַלגעמיינע גרונט־פּרינציפּן וועלכע אַלע פּאַרטייען וועלן זיך מוזן אונטערוואַרפן, אָבער די איצטיקע איבער־צענטראַליזאַציע וועט מוזן אָפּגעשאַפט ווערן. דאָס וועט זיין די הויפּט אויפגאַבע פון דעם קומענדיקן דריטן קאָנגרעס.

# די אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער טאַקטיק

## 1

ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן דער נייער (איצט שוין אַלטער) קורס פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל — „פּאַראַייניקן אָנשטאָט שפּאַלטן; אַ פּאַראייניקטער פראַנט קעגן דעם אַלוועלט־לאַכן קאַפּיטאַל, אָנשטאָט אַן אייביקן ברודער־קריג אין די רייען פון דעם פּראָלעטאַריאַט גופא" — האָט זיך בײַ הונדערטער טויזנטער פּראָלעטאַריער אַרויסגעריסן אַ קרעכץ פון דערלייכטערונג. אין דעם רוף פון דעם קאָמינטערן צו שאַפן אַ פּאַראייניקטן פראָנט האָבן אַלע דערזען אַ צוזאָג אויף אַ שענערער און בעסערער פּראָלע־טאַרישער באַוועגונג אין דער צוקונפט, און גלייכצייטיק אַ מין ווידוי פון דעם קאָמינטערן אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין ביז־איצ־טיקער סעקטאַנטישער שפּאַלטונגס־פּאָליטיק, וועלכע האָט געבראַכט אַן אַ שיער שאָדן דער באַוועגונג, און וויל זיך אַרויסלאָזן אויפן ברייטן וועג פון פּראָלעטאַרישן קלאַסן־קאַמף; אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון דער פּאָליטיק פון שאַפן אַן אייגן קלייזל, וואו אַלע יונים זאָלן האָבן איין פּנים, און וויל באמת ווידער פּאַראייניקן די צע־שפּאָלטענע פּראָלעטאַרישע כחות. ווייל באמת האָט דער קאָמינטערן געהאַט גענוג געלעגנהייטן אין דער פּראַקטיק פון זיין אייגענער טעטיקייט אויסצוגעפינען אַז אין אַ באַוועגונג פון לעבעדיקע מענטשן קען מען דורך דעקרעטן און חרמות ניט אָפּשאַפן קיין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן. אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, ניט קוקנדיק אויף איר אייזערנער דיסציפּלין אין געדאַנק און טאַט, זיינען אַלע מאָל געווען, און עס זיינען איצט דאָ, און מוזן אויך

אין דער צוקונפט זיין, מיינונגס־פאַרשיידנהייטן איבער פאַרשיידענע פראַגן פון טעאָריע און פּראַקטיק. פאַר אַ געזונטער באַוועגונג זיינען מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ניט געפערלאַך, אַזוי לאַנג ווי עס איז דאָ איינהייט פון אַקציע. ווען דער קאָמינטערן איז אַרויס מיט דעם לאָזונג פון אַ פאַראייניקטן פראָנט, האָט ער זיך ווילנדיק־ניט־ווילנדיק געשטעלט אַפן שטאַנדפּונקט, אַז ניט קוקנדיק אַף אַלע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, מוזן אַלע אין דעם פּראַקטישן קלאַסן־קאַמף פון אַלע טאָג גיין האַנט אין האַנט.

דער לאָזונג פון פאַראייניקטן פראָנט האָט אין דער קאָמוניסטישער וועלט אַרויסגערופן אַ שטורם פון פּראָטעסטן. די עקסטרעמע קאָמוניסטן האָבן זייער פּראָטעסט גאַנץ הויך אַרויסגעזאָגט. מאַנכע לענדער, ווי פראַנקרייך, צ. ב. ש., זיינען באַגאַנגען אַזאַ גוואַלדיקן פאַרברעכן ווי פּשוט אַנטזאָגן זיך אויסצופירן דעם באַשלוס פון קאָמינטערן (דערפאַר האָט מען זיי טאַקע ביים 4טן קאָנגרעס „דיסציפּלינירט“). מען קען זאָגן, אַז די וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם פאַראייניקטן פראָנט האָבן אפשר געהאַנדלט ניט טאַקטיש, אַז זיי האָבן ניט גענומען אין אַנבאַטראַכט די לאַגע אין וועלכער די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג געפינט זיך. איין זאַך מוז מען אָבער צוגעבן: זיי האָבן אין דעם פאַל געהאַנדלט פיל קאָמוניסטישער ווי דער קאָמינטערן. און באמת, פיר יאָר האָט מען דעם פּראָלעטאַריאַט „אויפגעקלערט“, אַז די אַלע סאָציאַליסטן און טרייד־יוניאָניסטן וואָס שטייען מחוץ דעם קאָמינטערן זיינען „פאַרעטער“, „פאַרקויפטע נשמות“, „לאַקייען פון דער בורזשואַזיע“; אַז עס איז פיל וויכטיקער פאַר דעם „אמת'ן“ רעוואָלוציאָנער (קאָמוניסט בלע"ז) צו קעמפן קעגן צווייטן, צוויי און אַ האַלבן און אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַלן, ווי קעגן קאַפּיטאַליזם; וואו עס איז נאָר געווען אַ זידל־וואָרט ערגעץ אין דער מענטשלאַכער שפּראַך האָט מען דאָס קעגן די „פאַרעטער“ אויסגענוצט; גאַנצע גרויסע פּאַרטייען זיינען אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם, בלויז דערפאַר ווייל זיי האָבן זיך אַנטזאָגט אויסצושליסן עטלאַכע יחידים — אַזוי שטאַרק געפערלאַך זיינען אָט די יחידים

געוועז, און — פּלוצלינג — גיי פאַרייניק זיך מיט די זעלבע „פאַרעטער" פאַר געמיינשאַפטלאַכער אַרבעט, פאַר אַ געמיינ־שאַפטלאַכן קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם! הייסט דאָך דאָס, אַז די „פאַרעטער", „לאַקייען פון דער בורזשואַזיע" א. א. וו., א. א. וו. זיינען נאָך אַלעמען ניט אינגאַנצן פאַרקויפט צום קאַפּיטאַל. הייסט דאָך דאָס, אַז זיי קעמפן פאַרט קעגן קאַפּיטאַליזם און פאַרן סאָ־ציאַליזם. הייסט דאָך דאָס, אַז די אינטערעסן פון דעם פּאָרלעטאַ־ריאַט איז זיי סוף כל סוף צום הארצן, נאָר וואָס דען, ז י י ה אָ ב ן א נ ד ע ר ע מ י י נ ו נ ג ע ן — זיי מיינען, אַז דער וועג צום סאָציאַליזם איז אַן אַנדערער, ווי דער, וואָס מיר שלאָגן פאָר. אויב אָבער אין דעם פּראַקטישן קאַמף קענען מיר גיין צוזאַמען, — טאָ צו וואָס דאַרפן מיר האָבן דריי אינטערנאַ־ציאָנאַלן? וואָרום זיי אַלעמען ניט אַריינגעמען אין קאָמינטערן? מען שפּאַלט ניט קיין באַוועגונג צוליב טעאָרעטישע חלוקי־דעות; די אַרבעטער־באַוועגונג איז ניט קיין פילאָזאָפישע געזעלשאַפט, עס איז אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע און אונזער קריטעריום קען ניט זיין „צי גלויבן מיר אַלע אין דערזעלבער טעאָריע, נאָר צי ווילן מיר אַלע טאָן די זעלבע אַרבעט".

ווי איר זעט, זיינען די, וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם פאַראייניקטן פראָנט פון שטאַנדפּונקט פון אויסגעהאַלטענעם קאָ־מוניזם, געווען גאַנץ גערעכט. זיי האָבן אין דעם נייעם לאָזונג דערזען אַן אָפּזאָגן זיך פון קאָמוניזם, יעדנפאַלס פון דעם קאָמוניזם ווי ער איז אויסגעדריקט געוואָרן אין די טעזיסן און רעזאָלוציעס און די 21 פּונקטן פון דעם צווייטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן און אין דער ליטעראַטור וואָס די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט געשאַפן אין דער צייט פון דעם ערשטן ביז דעם דריטן קאָנגרעס. ערשט ערב דעם דריטן קאָנגרעס דערהערן זיך נייע קלאַנגען אין דער קאָמוניסטישער מוזיק, איבערהויפּט נאָך דער טרויעריקער דערפאַ־רונג פון דעם מערץ־אויפשטאַנד אין דייטשלאַנד. אָבער וועגן דעם — שפּעטער.

עס איז נויטיק פריער באַטש אין קורצן צו איבער'חזר'ן דעם וועג, וועלכן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, און צו־

זאַמען מיט אים די גאַנצע קאָמוניסטישע באַוועגונג, איז דורכגעגאַנגען זינט פון דעם ערשטן ביזן 4טן קאָנגרעס, כדי צו פאַרשטיין זיין איצטיקע שטעלונג בנוגע די פּראָבלעמען פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, און איבערהויפּט כדי צו קענען שאַפן פאַר זיך אַ פאָרשטעלונג וואָס מיר קענען דערוואַרטן אין דער נאָענטער צוקונפט.

לכתחילה איז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל אַנטשטאַנען אַלס אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג פון אַלע טיילן אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג וועלכע זיינען געבליבן געטריי די פּרינציפּן פון רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם. דער חילוק צווישן דעם קאָמאינטערן און דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אין דער צייט פון דעם ערשטן קאָנגרעס, איז געווען, אָדער האָט געשיינט צו זיין, דער חילוק צווישן די, פאַר וועמען די סאָציאַלע רעוואָלוציע איז געווען דער ענדציל און דער קריטעריום פון דער פּראָלעטאַרישער טעטיקייט, און די פאַר וועמען רעפאָרמען זיינען געוואָרן אַ זעלבסטציל, ביי וועמען דער ענדציל, די סאָציאַלע רעוואָלוציע, איז געוואָרן ניט מער ווי אַ פראַזע, אַ טרוים; אַז סוף כל סוף וועלן מיר אַזוי בישלאַכוויין, אויסקעמפנדיק אַלץ מער און מער רעפאָרמען, אַריינוואַקסן אין סאָציאַליזם. דער ערשטער קאָנגרעס פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט ניט אויפגעהערט איבער'חזר'ן, אַז דער יסוד פון זיין טעאָריע און טאַקטיק איז דער מאַרקסיזם, אַז זיין עובדה איז פאָרטזעצן די טראַדיציע פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל איז די פאַראייניקונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן טייל פון דער ס. ד., וועלכער האָט שטענדיק געקעמפט קעגן דעם ריינעם רעפאָרמיזם און זיך געמוזט פון אים אָפּטיילן אַדאַנק די מלחמה־פּאַסירונגען. וואָלט דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל באמת דאָס געווען ווערן, וואָלט ער זיכער געקענט אויף זיין זייט אַריבערציען די אומגעהויערע מערהייט פון אַלע אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטן אף דער גאַנצער וועלט. דער פּראָלעטאַריאַט, פון אַלע מלחמה־לענדער אַזוי גוט ווי פון די נייטראַלע לענדער, איז געווען אַנטוישט פון דער אָפּאָרטוניסטישער פּאָליטיק פון זיינע פירער. דער באַנקראָט פון ריינעם

רעפאָרמיזם איז פאַר אַלעמען געווען אַזוי קלאָר, די רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע פון נאָך דער מלחמה און די רוסישע רעוואָלוציע האָבן אַזוי געשטאַרקט דעם רעוואָלוציאָנערן געפיל פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, אַז ווען דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל זאָל געווען אָט די שטימונג ווי געהעריק אויסנוצן, וואָלט ער איצט פּאַקטיש געווען דער איינציקער אינטערנאַציאָנאַל און פאַרשפּאַרט קעמפן פאַר אַ פּאַראייניקטן פראָנט. דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט עס אָבער ניט געטאָן. אָנשטאָט דעם האָט ער אָנגענומען אַזאַ פּאָליטיק, וועלכע האָט געפירט ניט צו פאַראייניקונג נאָר צו נייע שפּאַלטונגען, אפילו אין די רייען פון די פּאַרטייען וועלכע זיינען אָן אים שוין געווען אָפיציעל אַנגעשלאָסן.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון צוויי גרונט־טעות׳ן: צו אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונג פון די מעגלאַכקייטן פון דעם געגעבענעם מאָמענט און די העגעמאָניע פון די רוסישע באָלשעוויקעס אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. געוויס זיינען פאַרביידע טעות׳ן געווען גענוג אורזאַכן; געוויס איז קלאָר פאַר יעדן, אַז סיי די איבערשאַצונג פון מאָמענט און סיי די העגעמאָניע פון די רוסישע באָלשעוויקעס זיינען געווען אין יענער צייט אומפאַרמיידלאַך. ניט איינמאָל האָבן די פירער פון קאָמינטערן, ענטפערנדיק אויף דער באַשולדיקונג אַז זיי באַהערשן דעם אינטערנאַציאָנאַל, אָנגעוויזן אַז אונטער די אומשטענדן מוז ער זיין אין רוסלאַנד, און זיי וואָלטן זיך געפילט גליקלאַך ווען ער זאָל צ. ב. ש. קענען זיין אין בערלין, פּאַריז אָדער ערגעץ אַנדערש. דאָס פאַרמינדערט אָבער ניט דעם שאַדן וואָס די רוסישע הערשאַפט אין קאָמינטערן האָט געבראַכט. נאָך פיל פריער פאַר דער מלחמה איז מצד די רוסישע מאַרקסיסטן אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אין דעם באָלשעוויזם, וויפיל ער זאָל ניט שרייען וועגן זיין כשר׳ן מאַרקסיזם, זיינען פאַראַן מער באַקוניסטישע, בונטאַרישע עלעמענטן ווי מאַרקסיסטישע. פון אַלעמאָל זיינען די באָלשעוויקעס נענטער צום טיפּ פון ראָמאַנטיש־רעוואָלוציאָנערן קאָנספּיראַטאָר, ווי צום

ניכטערן רעאַליסטיש געשטימטן מאַרקסיסט.*). עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַט די אַנטי־מאַרקסיסטישע עלעמענטן זיינען דורך די באָלשעוויקעס אריינגעטראָגן געוואָרן אויך אין דעם 3טן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס אַליין וואָלט געווען ווייניק, ווען ניט זייער איבערשאַצונג פֿון די מעגלאַכקייטן פֿון דעם מאָמענט.

2

די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד האָבן, זייענדיק אַ מינאָריטעט, פֿאַרכאַפּט די מאַכט דורך אַ באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, און איינגעפֿירט די דיקטאַטור פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט. דאָס האָט פּאַסירט, ניט ווי עס ווערט אָפֿט אָנגעגעבן אין דער קאָמוניסטישער ליטעראַטור, אַ דאַנק דער סופּעריאָריטעט פֿון זייער טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ דאַנק די ספּעציעלע רוסישע באַדינגונגען. דאָס האָט אָבער צוגעגעבן אַן אויסערגעוויינלאַכן ווירקלאַכקייט־קאָליר צו די ראָמאַנטיש־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן וועלכע זיינען שוין פֿון פֿריער געווען תּושבים אין דער באָלשעוויסטישער טעאָריע. די רוסישע רעוואָלוציע, דער אופֿן ווי זי איז פֿאָרגעקומען און די מיטלען, דורך וועלכע די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז אויפֿגעהאַלטן געוואָרן, זיינען פֿון אַלע זייטן, מצד פֿאַרשיידענע סאָציאַליסטן קריטיקירט געוואָרן. נאַטירלאַך, האָבן די פֿירער פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע זיך געמוזט פֿאַרטיידיקן. אָנשטאָט אָבער אָנווייזן, אַז דאָס וואָס קומט פֿאָר אין רוסלאַנד, איז דער רעזולטאַט פֿון די ספּעציעלע רוסישע באַדינגונגען, און אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַנדערע, מער אַנטוויקלטע לענדער, מיט אַנדערע פֿאַרהעלטנישן, וועט אפֿשר פֿאָרקומען אַף אַן אַנדער אופֿן און גיין אַף אַ צווייטן וועג, האָבן זיי געמאַכט פֿון דער נויט אַ טוגנט, און דערקלערט די רוסישע רעוואָלוציע פֿאַרן טיפּ פֿון סאָציאַלער רעוואָלוציע איבערהויפּט. לענין האָט אפֿילו פֿון צייט צו צייט

*) אַן אויסגעצייכנטע קריטיק פֿון אַ מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט אויפֿן באָלשעוויזם, וועט דער לעזער געפֿינען אין דער בראָשור פֿון זשאָרדאַניאַ, „באָלשעוויזם“, (רוסיש).

יע דערמאָנט. אז אין די מער אַנטוויקלטע אייראָפּייאישע לענ־
דער וועט אפשר די רעוואָלוציע גיין אויף אַן אַנדער וועג, אָבער
ער האָט דאָס געטאָן מיט אַ האַלבן מויל, און אין דער גאַנצער
קאָמוניסטישער ליטעראַטור האָט געהערשט און הערשט נאָך איצט
די מיינונג, אַז די רוסישע רעוואָלוציע מוז אימיטירט ווערן.

אין רוסלאַנד האָט אַ מינאָריטעט פאַרכאַפּט די מאַכט דורך
אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד, — הייסט דאָס, אַז די סאָציאַלע רע־
וואָלוציע קען ניט זיין אַנדערש, ווי דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד
פון אַ מינאָריטעט.

אין רוסלאַנד, אַ לאַנד פון אומוויסנדיקע פויערים, אין וועל־
כע עס איז פּאָליטיש־דעמאָקראַטישע טראַדיציעס, האָט געמוזט
די דעמאָקראַטיע אָפּגעשאַפט ווערן, אפילו יעדער סימן פון דער
אַזוי פיל געלויבטער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע — הייסט דאָס, אַז
אַזוי מוז עס זיין אומעטום. און די דעמאָקראַטיע בכלל, פרייהייט
אַריינגערעכנט, ווערט דערקלערט אַלס בורזשואַזער פאַראורטייל און
ווערט אַריינגעלייגט אין חרם.

אין רוסלאַנד, אַ דאַנק דער ספּעציעלער לאַגע, האָט אין דער
קאָמוניסטישער פּאַרטיי געמוזט איינגעפירט ווערן אַן אייזערנע
מיליטערישע דיסציפּלין, — ווערט די אייזערנע מיליטערישע דיס־
ציפּלין אַ מוז פאַר יעדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

וואָלטן די רוסישע קאָמוניסטן געווען בלויז אַ פּ אַ ר ־
ט י י א י ן ד ע ם א י נ ט ע ר נ אַ צ י אָ נ אַ ל, וואָלט
דאָס פאַרן אַלוועלטלאַכן סאָציאַליזם אפשר ניט געווען זיין אַזוי
געפערלאַך. זיינען זיי אָבער געוואָרן ניט בלויז די פירער פון
דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, נאָר טאַקע פאַקטיש דער
אינטערנאַציאָנאַל, — זיינען זייערע טעות'ן געוואָרן די טעות'ן
פון דער אַלוועלטלאַכער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

אַזוי ווייט איז געגאַנגען דאָס גענעראַליזירן פון דער רוסישער
ערפאַרונג, אַז די קאָמוניסטישע פירער, וואָס האַלטן זיך פאַר די
איינציקע אמת'ע אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, האָבן אפילו דער־
קלערט, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע קען זיך בלויז אָנהויבן אין
די עקאָנאָמיש־צוריקגעשטאַנענע לענדער. „די דערפאַרונגען פון

דער רוסישער רעוואָלוציע לערנען אונז", דערקלערט ראַדעק, „אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע הויבט זיך ניט אָן אין די לענדער וואָס זיינען אַם מערסטנס קאַפּיטאַליסטיש אַנטוויקלט". *) אַן ענלאַכע, אָבער שאַרפערע דערקלערונג האָט אויך געמאַכט לענין.

כמעט אַלע סאָציאַליסטן, אַ טייל רעכטע, אַלע צענטריסטן, און פאַרשטייט זיך, אַלע לינקע האָבן צוגעגעבן און גיבן צו אַז מיטן אויסברוך פון דעם וועלט־קריג אין 1914 האָט זיך פאַרענדיקט די תקופה פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אָבער די קאָמוניסטן פון איין זייט און די ס. ד. פון דער צווייטער, געברויכנדיק די זעלבע ווערטער, געמיינט גאַנץ עפּעס אַנדערש. ווען די ס. ד. האָבן דערקלערט אַז מיר זיינען אַריינגעטראָטן אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָבן זיי אָבער געמיינט אַז די תקופה איז אַ לאַנג־דויערנדיקע. אַז דער זיג פון דעם פּראָלעטאַריאַט, וועט קומען ניט אַלס פּלוצלאַכער אַקט, נאָר אַלס פּראָצעס זיי האָבן פאָראויסגעזאָגט אַ לאַנגן און ביטערן קאַמף אין וועלכן דער פּראָלעטאַריאַט וועט ניט בלויז האָבן גרויסע זיגן, נאָר אויך גרויסע נידערלאַגן. גאַנץ אַנדערש האָבן די קאָמוניסטן געקוקט אַף דער זאַך. פאַר זיי איז די תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, געווען אַ תקופה פון חדשים. זיי האָבן פּשוט זיך געשטעלט אַפן שטאַנדפּונקט, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אַרויס פון דער מלחמה אַזוי צעשטערט און צעבראָכן, אַזוי הילפלאָז, אַז לעבן ווייטער קען ער ניט, עס איז — כאַאָס אָדער סאָצ.־רעוואָלוציע. וואָס עס איז נויטיק איז אַן אַנטשלאָסענע מינאָריטעט, מיט וואָפן אין די הענט, וואָס זאָל מאַכן אַן אויפשטאַנד, פאַרכאַפּן די מאַכט, און איינפירן די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט". „מיר מעגן רואיק זאָגן", דערקלערט ראַדעק אין דעם אויבן ציטירטן ביכל, „אַז יעדע רעוואָלוציע ווערט אונטערנומען פון אַ מינדערהייט, און אַז די מערהייט קומט נאָכדעם צו.

*) ראַדעק, „סאָציאַליזם פון וויסנשאַפט צו טאַט". (ענגליש).

אין לויף פון דער רעוואָלוציע, און באַשטימט איר זיגרייכן אויס־גאַנג". (ז.17) און אַז די רעוואָלוציע פון דער דאָזיקער רעוואָ־לוציאָנערער מינאָריטעט קען אַנדערש ניט זיין ווי דורך אַן אויפ־שטאַנד און בירגער־קריג, איז דאָך איינער פון די יסודות פון קאָמוניזם.

שוין בא דעם ערשטן (גרינדונגס) צוזאַמענפאָר פון דעם קאָמינטערן, האָבן זיינע פירער קלאָר אַרויסגעזאָגט זייער בליס צף די רעוואָלוציאָנערע מעגלאַכקייטן פון דער געגנוואַרט, און טאַקע גלייך אויף פאָרגעשלאָגן דעם קירצסטן וועג. אַ דייטשער פאַרטרע־טער, אַלבערט, האָט אויסגעדריקט זיינע ספקות, צי איז שוין גע־קומען די צייט צו שאַפן אַזאַ אינטערנאַציאָנאַל ווי די רוסישע קאָמוניסטן האָבן פאָרגעשלאָגן, האָט אים דאַרויף זינאָוויעוו גע־ענטפערט: „מיר האָבן אַ זיגרייכע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין איין גרויסע לאַנד; מיר האָבן אַ גרויסע, צום זיג גייענדיקע רעוואָלוציע אין צוויי אַנדערע לענדער, און נאָך דעם זאָלן מיר זאָגן: „מיר זיינען שוואַך"!... איר האָט אין דייטשלאַנד אַ פּאַרטיי. וועלכע רייסט זיך צו מאַכט, און וועט אפשר אין אַ פּאָר חדשים אַרום אין דייטשלאַנד בילדן אַ פּראָלעטאַרישע רעגירונג"*). און גלייך נאָכן ערשטן קאָנגרעס האָט זינאָוויעוו דערקלערט אין אַן אַרטיקל, „אַ ביסל איבערטריבן", ווי ער האָט שפּעטער צוגעגעבן, „אַז עס וועט דורכגיין אפשר איין יאָר און מיר וועלן שוין אָנהויבן זיך פאַרגעסן אַז אין אייראָפּע האָט זיך געפירט אַ קאַמף פאַר דער מאַכט־מאַכט, ווייל אַט דער קאַמף וועט שוין זיין פאַרענדיקט אין אייראָפּע, און וועט איבערגיין אין אַנדערע לענדער"**).

עס פאַרשטייט זיך, אַז אָפּשאַצנדיק אַזוי די מעגלאַכקייטן פון דעם מאָמענט, און דערצו גלויבנדיק אַז וואָס עס איז געטאָן

---

*) דער 1טער קאָנג. דער קאָמ. אינטערנאַציאָנאַלע. ביבל. פון ק. א., ב. 7. ז. 135.

---

**) פּראָטאָקאָלן פון צווייטן קאָנגרעס. (רוסיש, פּעטראָגראַד 1921), ז. 16.

גענוואָרן אין רוסלאַנד קען געטאָן ווערן אומעטום, האָבן די קאָמוניסטן געהאַט אַ גאַנץ אַנדער בליק סיי אויף די אויפגאַבן, סיי אויף דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין דער פאַרהעלטניסמעסיק־פרידלאַכער צייט פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אין דער צוגרייטונגס־עפּאָכע, האָט דער אינטערנאַציאָנאַל געקענט זיין אַ לויזע פעדעראַציע פון אויטאָנאָמע פאַרטייען. איצט אָבער, ווען די גאַנצע וועלט איז שוין איינגעטראָטן אין דער תקופה פון דעם דירעקטן קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, ווען דער קלאַסן־קאַמף האָט זיך אומעטום אין אייראָפּע און אַמעריקע פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענעם בירגער־קריג, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער דעקלאַראַציע פון קאָמינטערן, קען נאַטירלאַך דער אינטערנאַציאָנאַל ניט זיין קיין אַנדער זאַך, ווי בלויז אַ גענעראַל־שטאַב פון דער אַלוועלטלאַכער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי (אַרמיי אין בוכשטעבלאַכן זין פון וואָרט!). דאָ קען נאַטירלאַך גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן אויטאָנאָמיע, וועגן מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, מ'קען דאָך נאָך אַלעמען ניט נעמען זיך פאַנאַנדערקלייבן אין מיינונגס־פאַרשיידנהייטן ווען מ'שטייט מיטן אָנגעלאָדענעם ביקס אין האַנט. אין אַזאַ צייט מוזן מיר האָבן אַן אייזערנע מיליטערישע דיסציפּלין. „עס איז לייכט צו זאָגן: איצט מאַכן מיר דורך דעם בירגער־קריג!“, דערקלערט זינאָוויעוו ביים צווייטן קאָנגרעס. „עס איז אָבער גאַנץ שווער דאָס אויסצוקעמפן, ווען מ'מוז שיקן צענדליקער טויזנטער מיטגלידער צום פראָנט, וואו טויזנטער ווערן געטויט... דער פאַקט, וואָס איצט טרעטן מיר אַריין אין אַ ריזיקן קאַמף, אַז איצט האָט באמת געשלאָגן די שטונדע, *ווען דער שווערד רעדט קעגן דער בורזשואזיע*, דערלויבט אונז ניט נאָר אין נאַציאָנאַלן, נאָר אויך אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב צו זאָגן: מיר דאַרפן אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע מיט אַ מיליטערישער דיסציפּלין.*).

*) פּראָט. פון צווייטן קאָנגרעס. (רוסיש) ז. 64.

נאָך שאַרפער און קלאָרער איז אָט די אנשויאונג אָפּן נייעם אינטערנאַציאָנאַל און אַף זיינע אויפגאַבן אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון קאַמענעוו׳ן אין זיין בראָשור „דער אינטערנאַציאָנאַל" (פּראָג, 1920.) דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל, זאָגט קאַמענעוו, האָט עקזיסטירט אין אַ צייט, ווען די פּראַגן פון אונמיטלבאַרן קלאַסן־קאַמף, פון פאַרכאַפּן די מאַכט, און פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, זיינען ניט געשטאַנען אָפּן טאָג־אָרדנונג. דער 3טער אינטערנאַציאָנאַל איז אָבער אַנטשטאַנען אונטער גאָר אַנדערע אומשטענדן. מיט וואָס אונטערשיידט זיך דער דריטער פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל? פרעגט קאַמענעוו און ענטפערט: „דערמיט — און דאָס וועט זיין די סאַמע ריכטיקסטע באַשטימונג — וואָס דער קאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע האָט אָנגענומען די פאָרמע פון בירגער־קריג... איצט ווייסן מיר, און די דערפאַרונגען פון דעם לעבן פון די מאַסן, ניט נאָר אין רוסלאַנד נאָר אויך אין אַלע אַנדערע לענדער באַווייזן, אַז אין צענטער פון דעם געגנוואַרטיקן לעבן ליגט די ענדגילטיקע צעשפּאַלטונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אַף צוויי לאַגערן... דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע . . . מיר ווייסן, אַז די דאָזיקע צוויי לאַגערן קומען אין צוזאַמענשטויס מיט געווער אין די הענט... דער בירגער־קריג איז דער באַשטימנדיקער צייכן פון דער עפּאָכע, אין וועלכער די מענטשהייט איז אַריינגעטראָטן מיטן אויסברוך פון דעם אימפּעריאַליסטישן קריג"...

דורך דער צייט פון דעם ערשטן ביז דעם צווייטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן איז איבער דער גאַנצער וועלט אָנגעפּירט געוואָרן אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון אָט די צוויי גרונט־יסודות פון דעם קאָמוניזם: אַז די רוסישע רעוואָלוציע האָט באַוויזן דעם וועג אַף וועלכן י ע ד ע סאָציאַלע רעוואָלוציע מוז גיין, און אַז דער זיג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז ממש אַ פּראַגע ניט פון חדשים נאָר פון וואָכן. אין אַן אַרטיקל, ערב דעם דריטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן („די אינטערנאַציאָנאַלע", סעפּט. 22, 1921) דערציילט קאַרל ראַדעק, אַז „איינער פון אונזערע בעסטע גענאָסן" האָט אים געזאָגט אַז

לייענענדיק מיינע טאַקטישע בראָשורן האָט ער געפֿילט אַז עפּעס איז אין זיי ניט ריכטיק. איצט, זאָגט ער, ווייס ער שוין וואָס עס איז פֿאַלש אין מיין שטאַנדפּונקט, דאָס איז די פּערספּעקטיוו פֿון דעם לאַנגזאַמען גאַנג פֿון דער רעוואָלוציע. עס איז דאָך קלאָר אַז אַלס רעזולטאַט פֿון אונזער זיג אין פּוילן, און נאָכהער אין דייטשלאַנד, וועט געלינגען אונז דורכפֿירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע". אפֿילו בור־כאַרין האָט געגלויבט, — גיט ראַדעק צו אין דעם זעלבן אַרטיקל, — אין דער גרויסער ראַליע, וואָס די רויטע אַרמיי וועט שפּילן אין דער רעוואָלוציע. עס איז דערפֿאַר גאַנץ נאַטירלאַך, אַז מענטשן וועלכע גלויבן אַז דער ענטגילטיקער קאַמף פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן און „פֿאַרשטייען" די גרויסע ראָליע וואָס די רויטע אַרמיי וועט אין איר שפּילן, זיגנדיק פֿריער אין פּוילן א. א. וו., זאָלן זיך מוזן אָנטזאָגן פֿון דער גאַנצער פֿריערדיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטיק, פֿון דער מאַרק־סיסטישער קאָנצעפּציע פֿון סאָציאַלער רעוואָלוציע.

ווי גרויס עס זאָלן ניט געווען זיין די מיינונגס־פֿאַרשיידנקייטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג וועגן דעם עצם און פֿאָרם פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אין איין זאַך זיינען אַלע מסכים געווען. די סאָציאַלע רעוואָלוציע קען ניט פֿאָרקומען אַלס אַקט, נאָר אַלס פּראָצעס. דאָס איז דער אויסגאַנגס־פּונקט פֿון אַ לאַנגן קלאַסן־קאַמף, אין וועלכן די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע, מיט אַלע אירע חסרונות (וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן דאָך קיין מאָל ניט געלייקנט!) ווערט ניט נאָר אויסגענוצט, נאָר איז טאַקע דער פֿאַרבאַדינג פֿאַר דעם ערפֿאָלגרייכן אויסגאַנג פֿון דעם פּראָ־לעטאַרישן קלאַסן־קאַמף. נאַטירלאַך האָבן זיך די ס. ד., לויט זייער אַנשוינג אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ניט געקענט אָפּזאָגן פֿון צו פֿירן דעם אַלטעגלאַכן קאַמף פֿון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט פֿאַר זיינע אַלטעגלאַכע פֿאָדערונגען. מיט קליינע אויסנאַמען, האָבן אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אימער אונטערגעשטראָכן אַז דער קאַמף פֿאַר רעפֿאָרמען איז בלויז אַ מיטל, אָבער ניט קיין ציל. זיך אָפּזאָגן אָבער פֿון אָט דעם דאָזיקן מיטל, וואָלט הייסן זיך

אָפּזאָגן פון דעם איינציקן וועג וואָס פירט צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אַט דער מאַרקסיסטישער שטאַנדפּונקט איז פון די קאָמוניסטן פאַרוואָרפן געוואָרן. אַנדערש האָט דאָס אויך ניט געקענט זיין. גלויבנדיק אַז עס האָט זיך שוין אנגעהויבן דער לעצטער קאַמף „מיט וואָפן אין די הענט" צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, אַז „דער קלאַסן־קאַמף איז שוין אין אַלע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בירגער־קריג", איז דאָך אַן אומזין צו ריידן וועגן געגנוואַרט־אַרבעט, וועגן רע־פאָרמען, אָדער אַפילו וועגן פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז געווען גוט אין דער צייט פון דער פרידלאַכער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג. איצט אָבער דאַרפן מיר די רעוואָלוציאָ־נערע טאַט, אויף אונזער פאָן קענען מיר אָנשרייבן בלויז איין פאָדערונג: די באַלדיקע איינפירונג פון דער דיקטאַטור פון פּראָ־לעטאַריאַט. יעדער סאָציאַליסט, וואָס שמעלט איצט אויף אַנדערע פאָדערונגען, וואָס איז ניט גרייט צו רופן און פירן די אַרבעטער צום באַוואָפנטן אויפשטאַנד, איז אַ פאַררעטער, דער ערגסטער שונא פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. דער קאַמף קעגן אָט די סאָציאַ־ליסטן איז ניט נאָר פונקט אַזוי וויכטיק, ווי דער קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע בכלל, נאָר כמעט נאָך וויכטיקער. די בורזשואַזיע — דאָס איז דער אָפענער שונא; דער סאָציאַל־דעמאָקראַט, אָדער דער רעפאָרם־סאָציאַליסט — דאָס איז דער באַהאַלטענער ש ו נ א. אַלס באַהאַלטענער שונא, קען דער רעפאָרם־סאָציאַליסט האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף די אַרבעטער, און דערמיט פּשוט ניט דערלאָזן די פאַרווירקלאַכונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. די באַקעמפונג פון אַלע סאָציאַליסטן וואָס דענקען אַנדערש ווי די קאָמוניסטן ווערט פון די לעצטע, אַלזאָ, אָוועקגעשטעלט אַלס וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין זיין ערעפנונגס־רעדע צום צווייטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן דער־קלערט זינאָוויעוו:

„דער קאַמף צווישן אונז און דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל איז ניט קיין קאַמף צווישן צוויי פראַקציעס פון איין און דערזעלבער

רעוואָלוציאָנער־פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. דאָס איז ניט קיין קאַמף פון ריכטונגען, ניט קיין קאַמף פון שטרעמונגען אינעווייניק אין דעם זעלבן קלאַסן־לאַגער. דאָס איז פּאַקטיש „אַ קלאַסן־קאַמף".

קיין קאָמוניסט האָט נאַטירלאַך קיינמאָל ניט געלייקנט, אַז אין די פּאַרטייען פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, פון צענטער און פון דעם אַמסטערדאַמער געווערקשאַפט־אינטערנאַציאָנאַל, זיינען דאָ גרויסע מאַסן פּראָלעטאַריער. און ווען דער קאַמף קעגן די ניט־קאָמוניסטישע סאָציאַליסטן ווערט דערקלערט פאַר אַ קלאַסן־קאַמף, ווערט דאָ די אַלטע מאַרקסיסטישע דעפיניציע פון קלאַסן־קאַמף — אַלס קאַמף צווישן די וואָס באַזיצן די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און די וואָס באַזיצן בלויז זייער אַרבעטס־קראַפט, — פאַרביטן אויף אַ נייער: דער קלאַסן־קאַמף פירט זיך צווישן די וואָס גלויבן אַז דער מאָמענט פאַר דער לעצטער שלאַכט פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור איז שוין געקומען און צווישן די וואָס וואָס גלויבן ניט אין דעם.

מ'מוז צוגעבן, אַז דער „קלאַסן־קאַמף" איז פון די קאָמוניסטן געפירט געוואָרן מיט היץ און איבערגעבנקייט. אָפט האָט מען אפילו פאַרגעסן, אַז די בורזשואַזיע וועט מסתמא זיך אויך באַטייליקן אין אָט דעם „לעצטן קאַמף". און די גאַנצע קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס איינציקע וואָס עס פעלט פאַר דער דערפאָלגרייכער סאָצ. רעוואָלוציע, איז די באַזייטיקונג פון עטלאַכע רעכטע אָדער צענטריסטישע פירער. גרויסע פּאַרטייען, מיט צאָלרייכע פּראָלעטאַרישע מיטגלידערשאַפטן זיינען אין דעם קאָמינטערן ניט אריינגענומען געוואָרן, ווייל פריער האָבן זיי געמוזט אויסשליסן עטלאַכע יחידים, רעכטע פירער, וועלכע די פּאַרטייען האָבן זיך אַנטזאָגט אויסצושליסן.

ווען אַ וועלכער עס איז געמיינשאַפטלאַכער אַרבעט מיט אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. אויף דעם צוזאַמענפאָר פון דער אומאָפּהענגיקער ס. ד. פּ.

אין האַלע האָט זינאָוויעוו דערקלערט, אַז ווען שאַפֿן אַ פּאַרטיי־ניקטן פראָנט מיט ניט־קאָמוניסטן קען גאָר קיין רייד ניט זיין. ער האָט דאָרט געזאָגט:

חברים, דאָ איז געזאָגט געוואָרן: „וואָלט דען ניט בעסער געווען אַז מיר זאָלן זיך צוזאַמענשליסן אין אַ פֿאַראייניקטן פראָנט קעגן דער בורזשואַזיע?" יע, געוויס וואָלט דאָס זיין זייער פֿיין און עס וואָלט זיך זייער וועלן, נאָר צום באַדויערן איז דאָס נאָך דערוויילן ניט מעגלאַך. די לאַגע איז אַזאַ: דער אַרבעטער־קלאַס איז שוין גענוג שטאַרק אָרגאַניזירט צו זיין אַזאַ שטאַרקער אַרויסצוטרעטן די בורזשואַזיע אפילו מאָרגן, אויב מיר זאָלן נאָר אַלע שטיין פעסט און פאַראייניקט פאַרן קאָמוניזם. אויב די אַרבעטער בלייבן נאָך אַלץ שקלאַפֿן, איז דאָס דערפֿאַר וויייל מיר האָבן נאָך אַלץ ניט באַזיגט די פֿאַר־שאָלטענע ירושה פון דער צעפּוילטער אידעאָלאָגיע אין אונזערע אייגענע רייען".

קלאָר גענוג: באַזיגן דעם „אינערלעכן שונא" איז די וויכ־טיקסטע אויפגאַבע פון קאָמוניזם.

דער קאַמף קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז פון די קאָ־מוניסטן אָנגעפירט געוואָרן מיט אַזאַ היץ, מיט אַזאַ ברען, אַז אפילו לעניןָ, וואָס איז מער ווי ווער עס איז געווען פֿאַראַנטוואָרטלאַך פֿאַר אָט דער שעדלאַכער טאַקטיק האָט געפֿונען פֿאַר נויטיק צו וואָרענען זיינע תלמידים אַז זיי זאָלן צו ווייט ניט גיין. אין זיין בריף צו דער פֿאַראייניקטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דייטש־לאַנד (אווגוסט, 1921) זאָגט ער. „מאַנכע זיינען מגזם דעם קאַמף קעגן צענטער, גייען שוין עטוואָס איבער די גרענעצן, זיי פֿאַר־וואַנדלען אַף דעם אופן דעם קאַמף אין אַ ספּאָרט, און קאָמפּראָ־מעטירן דערמיט דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרקסיזם".

דער קאַמף קעגן רעוואָלוציאָנערע הערעטיקער איז באמת פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ ספּאָרט. פריער איז דאָס געווען אַ קאַמף קעגן אַלע סאָציאַליסטן וואָס זיינען אָרגאַניזאַציאָנעל ניט פֿאַר־בונדן מיטן קאָמינטערן, ווען דאָס האָט זיך צוגעענדיקט, האָט מען אָנגעהויבן זוכן אַפּיקורסים אין די אייגענע רייען. עס איז איינ־געפירט געוואָרן די מעטאָדע פון רייניקן, אויסשליסן איינער דעם

צווייטן. כדי צו רייניקן די אייגענע רייען פון אפיקורסים, דארף מען דאך זיי אויסגעפינען, מוז מען נאכשפיאנירן, מסרן. ווער עס וויל ניט אויסגעשלאסן ווערן מוז זיך היטן, חלילה קיין טרופה׳־נעם ווארט ניט ארויסריידן. די יונגע קאמוניסטישע פארטייען וואס האבן זיך נאך ניט אויסגעלערנט ווי צו שטיין פעסט אף די אייגענע פיס, האבן זיך אנגעהויבן שפאלטן, עס זיינען אנטשטאנען פראקציעס, און יעדער קאנגרעס פון קאמינטערן מוז מאכן שלום צווישן די פראקציעס און נאטירלאך עטלאכע „שעדלאכע" פירער אויסשליסן.

.3

די האפנונגען אף א שנעלער אלוועלטלאכער סאציאלער רעוואלוציע זיינען ניט מקוים געווארן. די ארבעטער זיינען געווען אומצופרידן, זיי האבן ארויסגעשטעלט פאדערונגען, געווען גרייט פאר זייערע פאדערונגען צו קעמפן, אבער פאר דער סאציאלער רעוואלוציע זיינען זיי ניט גרייט געווען. די טענה פון די סאציאל־דעמאקראטן קעגן די קאמוניסטן איז דאך טאקע געווען, „איר פרעגט צי ווילן מיר א סאציאלע רעוואלוציע? געוויס ווילן מיר, אבער וואס זאלן מיר טאן אז דער פראלעטאריאט איז נאך ניט גרייט זיך נעמען פאר דער דורכפירונג פון זיין היסטארישער מיסיע?" די טענה פון די קאמוניסטן אז שולדיק אין דעם איז דער פאלשער וועג אף וועלכן די סאציאל דעמאקראטיע איז פריער געגאנגען האט באמת קיין שיכות ניט מיט דער גאנצער פראגע. גוט זאל זיין אזוי — אבער, איצט, וואס זאלן מיר טאן איצט? די קאמוניסטן האבן פשוט געענטפערט: „מ׳דארף מאכן א רעוואלוציע, הויבט נאר אן און אלץ וועט שוין גוט זיין, רופט ארויס א באוואפנטן אויפשטאנד קינסטלאך כאטש פון א מינאריטעט, די מאסע וועט דערנאך קומען; רופט ארויס אן אויפשטאנד מיט וועלכע מיטלען איר קענט נאר, אויב מ׳דארף די ארבעטער אפילו אפנארן א ביסל, איז אויך קיין אומגליק ניט — דער צוועק הייליקט דעם מיטל". אין איטאליע זיינען צ. ב. ש. געווען אין יענער צייט גרויסע סטרייקס, גרויסע ארבעטער אומרוען, האט דער קאמינטערן געאָרדערט דער איטאליענישער פארטיי גלייך אנהויבן די רעוואָ־

לוציע. איידער די רעוואָלוציע הויבט זיך אָן, מוז נאַטירלאַך די פּאַרטיי אויסשליסן אַלע אפּיקורסים פון אירע רייען, און זען קיינער פון די רעפאָרמיסטן זאָלן ניט פאַרנעמען קיין פאַראַנטוואָרטלאַכע שטעלן אין די טרייד יוניאָנס אָדער קאָאָפּעראַטיוון. איינם נאָמען פון דער גרויסער מערהייט האָט ס ע ר א ט י געענטפערט אַז:

„מיר, וואוינענדיק אין איטאַליע, זייענדיק גוט באַקאַנט מיט דער לאַגע פון אונזער לאַנד, ווייסן אַז אָנהויבן איצט אַ רעוואָלוציע וואָלט זיין פּשוט אַ משוגעת. אויסשליסן די רעפאָרמיסטן וואָלט מיינען אַ שפּאַלטונג אין אונזער פּאַרטיי. דאָס וואָלט מיינען אַן אָפּשוואַכונג פאַר אונז פּונקט אין דער צייט, ווען מיר דאַרפן וואָס מער כחות. מיר קענען ניט אַוועקנעמען די שטעלעס פון אַלע ניט־קאָמוניסטן דערפאַר ווייל זיי זיינען מיט אונז ניט מסכים אין געוויסע פּרינציפּן. זיי קענען זיך זיין שלעכטע סאָציאַליסטן, זיי זיינען אָבער גוטע ספּעציאַליסטן*), פּייאיקע און דערפאַרענע מענטשן. אַוועקשטעלן אומדערפאַרענע מענטשן אַף אָט די פּאָסטנס וואָלט מיינען רואינירן אונזערע קאָאָפּעראַטיוון. וואָס אַנבאַלאַנגט אין די יוניאָנס, האָבן מיר ניט די מאַכט דאָס צו טאָן, ווען מיר וואָלטן אפילו וועלן".

דער רעזולטאַט איז געווען אַז די איטאַליענישע פּאַרטיי איז געשפּאָלטן געוואָרן, די מערהייט אויסגעשלאָסן. די שטאַרקייט פון דער איטאַליענישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צעבראָכן, און דער וועג פאַרן פאַשיזם איז פריי געמאַכט געוואָרן.

די דייטשע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט שוין פיל בעסער פאַר־שטאַנען וואָס מ׳פאַרלאַנגט פון איר. די פירער האָבן געוואוסט אַז זיי דאַרפן מאַכן אַ רוואָלוציע אונטער אַלע אומשטענדן. די גרויסע מערהייט פון די דייטשע אַרבעטער האָבן קיין רעוואָלוציע ניט גע־וואָלט. נו, איז וואָ ס? מ׳קען ניט וואַרטן מיט דער רעוואָלוציע ביז די „נאַרישע מערהייט" וועט פאַרשטיין וואָס פאַר איר איז גוט. די

*) די פּראָלעטאַרישע רוסלאַנד, האָט זיך דאָך אליין ניט אָפּ־געזאָגט פון באַנוצן בורזשואַזע ספּעצן, און אפילו געבן קאָנצעסיעס צו קאַפּיטאַליסטן.

קאָמוניסטן האָבן זיך גענומען ק י נ ס ט ל א ך אַרויסרופן אַ רעוואָלוציע, דער רעזולטאַט איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער „מערץ אויפשטאַנד" אין וועלכן עס איז, צוזאַמען מיט די לעבנס פון אַ סך איבערגעבענע רעוואָלוציאָנערן, אויך געפאַלן אַלס קרבן די אייגהייט פון דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַז די דייטשע אַרבעטער זיינען דאַמאָלסט נאָך ניט גרייט געווען פאַר דער רעוואָלוציע ווייס שוין איצט אַפילו זינאָוויעוו. ווען די דייטשע „רעוואָלוציעס" שרייבט זינאָוויעוו אַזוי:

„אין יאָר 1818־19 האָבן בלויז אַ מינאָריטעט פון די דייטשע אַרבעטער נאָכגעפאָלגט קאַרל ליבקנעכטן און ראָזאַ לוקסעמבורג. פון דער צווייטער זייט, האָבן אויך בלויז אַ מינאָריטעט נאָכגע־פאָלגט דעם בלוט־הונט נאַסקען. די גרויסע מאַסע, דער צענטער פון דייטשן אַרבעטער קלאַסן, האָט זיך געוואַקלט . . . . די גרויסע מאַסע אַרבעטער — האָבן געזוכט פרידלאַכע מיטלען. אַט די „מיטל" מאַסע, וואָס האָט אין דער לעצטער אינסטאַנץ אַנט־שיידעט דעם אויסגאַנג פון קאַמף, האָט אין אַט דער צייט ניט געוואָלט קיין בירגער קריג".

„די ספּראַטאַקיסטן, דער אַוואַנגאַרד פון די אַרבעטער, זיינען נאָך זייער שוואַך געווען, אין צאָל, אינם יאָר 1919. אין 1918־19 האָבן די אַרבעטער זייער הויך געשעצט די ספּאַרטאַקיסטן . . . . אָבער אפילו ווען די ספּאַרטאַקער האָבן אַזאַ גוטן שם געהאַט ביי די אַרבעטער, האָבן די זעלבע אַרבעטער זיי ניט נאָכגעפאָלגט . . . . . . ווען עס איז געקומען צו טאָטן האָבן זיי געשטיצט דער סאָציאַל דעמאָקראַטיע".

וואָס דערציילט אונז דאָ זינאָוויעוו ? אַז אויב אפילו אין 1918־19 האָט מען געקענט מיינען אַז די אַרבעטער זיינען גרייט פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָט די דערפאַרונג געוויזן אַז עס איז ניט אַזוי. וואָס זשע האָבן די קאָמוניסטן געדאַרפט טאָן ? דער איינציקער וועג איז געווען זיך נעמען געדולדיק צוגרייטן דורך פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציע דעם אַרבעטער קלאַס. דאָס איז אַן אַרבעט וואָס פאָדערט אַ סך צייט און געדולד. אָבער

אומגעדולדיקייט איז איינער פון די הויפט כאַראַקטער שטריכן פונם קאָמוניזם. האָבן זיי זיך „הערקאַיש״ אַריינגעוואָרפן אין דער „מערץ אַקציע״ וואָס זיי האָבן אייגנטלאַך געפּרואווט טאָן, דערציילט אונז דער זעלבער זינאָוויעוו אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

„אין מערץ 1921 האָט זיך דער ספּאַרטאַקיסטישער אוואַנגאַרד פון דעם אַרבעטער קלאַס, פון דאָס נײַ אַריינגעוואָרפן אין קאַמף. דער קאָמוניסטישער אוואַנגאַרד האָט געוואָלט אַ ל י י ן אויספילן דעם ליידיקן אָרט פון דער גרויסער מאַסע פון דעם אַרבעטער קלאַס; פון אָט דער גרויסער מאַסע וואָס איז אין יענער צייט געווען אונטער דעם כמעט אומבאַגרענעצטן איינפלוס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. נאָך אַמאָל האָבן גרויסע טיילן פון דעם דייטשן אַרבעטער קלאַס באַטראַכט מיט סימפּאַטיע די וואַגנ־דיקע רעוואָלוציאָנערן . . . . אָבער נאָך אַמאָל זיינען די העלדן געבליבן אָן דער שטיצע פון די גרויסע מאַסן אַרבעטער״.*)

אַלזאָ, די אַרבעטער זיינען קעגן דעם אויפשטאַנד. געוויס איז דאָס ניט קלוג פון זייער זייט, געוויס, עס וואָלט זיין פיל שענער פאַר זיי, און פּראָלעטאַרישער זיי זאָלן י ע ג ע ו ו ע ן ו ו ע ל ן אַ רעוואָלוציע, אָבער וואָס טוט מען אַז זיי ווילן פאָרט ניט? די קאָמוניסטן ווייסן שוין וואָס צו טאָן – מ׳רופט אַרויס אַן אויפשטאַנד קינסטלאַך. פּאול לעווי — דער דאַמאָלסטדיקער נאַציאָנאַלער פּאַרזיצער פון דער פּאַרטיי, האָט נאָכן אויפשטאַנד אָנ־געשריבן אַ ביכל, (אונזער וועג, ווערער דעם פּוטשיזמוס) וואו ער רופט אָן דעם אויפשטאַנד „באַקוניסטישער פּוטש״, ער ווייזט אָן אַז אומערלאַכע און אומסאָציאַליסטישע מיטלען זיינען באַנוצט געוואָרן כדי די אַרבעטער „אַריינגאַרן״ אין אויפשטאַנד. מיטגלידער פון צ. ק. אַזעלכע ווי קלאַרא צעטקין, האָפמאַן און אַנדערע האָבן פּראָטעסטירט. דער דריטער קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט דער־קלערט אַז דער מערץ אויפשטאַנד איז געווען מער ווי אַ טעות,

*) זע זינאָוויעווס אַרטיקל „דער דייטשער אַרבעטער קלאַס, די דייטשע קאָמוניסטן און די ס. ד.״ דיילי וואָרקער, 8טען דעצ. 1923.

פשוט א פאַרברעכן, פונדעסטוועגן זיינען די פוטשיסטן פאַרבליבן אין מאַכט, און פּאַול לעווי און זיינע חברים זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן.

אין דעם אויבן ציטירטן אַרטיקל פון זינאָוויעוו דערקלערט דער פאָרזיצער פון קאָמינטערן אַז: „די לעקציע איז ניט גע־גאַנגען פאַרלאָרן. מיט דער הילף פון דעם דריטן וועלט קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט זיך דער דייטשער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איינגעגעבן אויסבעסערן די טעות'ן פון דער פאַרגאַנגענהייט. די פראַגע וועגן אויפשטאַנד, וועגן דעם דירעקטן קאַמף פאַר מאַכט, איז אָפּגעשטופּט געוואָרן אַן א זייט אין 1921, און אַן וועלכע עס איז וואַקלעניש איז די נייע אויפגאַבע אויפגענומען געוואָרן — איבערגעווינען די מערהייט פון אַרבעטער קלאַס."

זיי האָבן אַלזאָ יע געלערנט עפּעס פון די טעות'ן; אָבער צו שפּעט. זינט פון 1921 גייט די דייטשע קאָמוניסטישע באַוועג־גונג, אַזוי גוט ווי די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט, באַרג אַראָפּ. די אַרבעטער, וואָס האָבן מיטן קאָמוניזם באמת פריער סימפּאַטיזירט, האָבן אָנגעהויבן איצט קוקן אַף אים מיט אומצוטרויען. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן דערגרייכט איז צעשפּאַלטן און צעברעקלען יעדער פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי אין אייראָפּע.

4

ערב דעם דריטן קאָנגרעס פון קאָמינטערן (יוני 1921) האָבן זיך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג דערהערט נייע טענער. לענין האָט פאַרעפּענטלאַכט זיין „לינקיזם", די קינדער קראַנקהייט פון קאָמוניזם" וואו ער האָט ביטער קריטיקירט זיינע געטרייע תלמידים למאי זיי האָבן באמת געגלויבט, און געפּרואווט טאָן, דאָס וואָס ער האָט ערשט ניט לאַנג אליין געפּריידיקט אָדער איני־ דאָרסירט. אויסגעשפּראָכענער פון לענינען איז אַרויסגעטראָטן קאַרל ראַדעק אין אַן אַרטיקל, „גלאָסן צור קאָנגרעס דער קאָמוניס־טישער אינטערנאַציאָנאַלע", דערקלערט ער אַז דער חסרון פון דער קאָמוניסטישער טאַקטיק איז געווען די איבערשאַצונג פון מאָמענט. ראַדעק זאָגט:

„דער גלויבן אין אַ שנעלער וועלט רעוואָלוציע איז געווען זייער ברייט פאַרשפּרייט אין אונזער באַוועגונג. . . . דער צווייטער קאָנגרעס האָט גאָרניט געטאָן צו קאָרעגירן אָט דעם פאַלשן גלויבן ווייל די רויטע אַרמיי איז דאַמאָלסט געווען זיגרייך איבער פּוילן, און דאָס האָט דערוועקט פאַלשע האָפנונגען".

וואָס זיינען דאָס געווען פאַר אַ פאַלשע האָפנונגען? דאָס איז פּשוט געווען דער אויטאָפּיסטישער געדאַנק אַז די רויטע אַרמיי וועט מיט דער הילף אירע באַיאָנעטן מיט געוואַלד מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, ניט בלויז אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער. איינער פון די דעלעגאַטן צום קאָנגרעס, דערציילט ראַדעק, האָט אים געזאָגט:

„עס איז דאָך קלאָר, אַז אַלס רעזולטאַט פון אונזער זיג איבער פּוילן, וועט זיך אונז אויך איינגעבן זיך דורכברעכן אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער און מאַכן די רעוואָלוציע".

אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע, מיט דער הילף פון דער רויטער אַר־מיי — קענן דעם ווילן פון די אַרבעטער! וואָס מען זאָל ניט זאָגן, אָריגינעל איז דאָס, אפילו באַקונינען אליין האָט זיך אַזאַ זאַך ניט גע'חלום'ט. די דערפאַרונג אָבער האָט באַוויזן עפּעס אַנדערש. אין זיין „רעפּאָרט וועגן עקאָנאָמישן וועלט קריזיס" האָט טראָצקי גאַנץ קלאָר דערקלערט, וואָס די פירער פון קאָמינטערן האָבן געמוזט לערנען פון ביטערער דערפאַרונג.

טראָצקי זאָגט אין זיין רעפּאָרט:

„מיר האָבן דאָס געלערנט דורך אונזערע נידערלאַגעס, אונזערע אַנטוישונגען און אונזערע גרויסע קרבנות אַזוי גוט ווי דורך אונזערע פאַלשע מעשים . . . . אַז מיר זיינען גאָר ניט אַזוי נאָענט צו אונזער ציל . . . . די פאַרכאַפּונג פון דער מאַכט איבער דער גאַנצער וועלט, און די וועלט רעוואָלוציע. אין 1919 האָבן מיר געזאָגט צו זיך, עס איז אַ פראַגע פון חדשים, און איצט זאָגן מיר — עס איז אפשר אַ פראַגע פון יאָרן*).

---

*) ביולעטין פון דריטן קאָנגרעס. ענגליש, יוני 27, 1921, נומער 2.

וואָס זשע טוט מען ? די טאַקטיק פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וואָס איז באַשטימט געוואָרן פונם צווייטן קאָנגרעס זיינען צוגעפּאַסט בלויז פאַר „מלחמה צייט" — אויב אָבער איצט איז שוין קלאָר אַז עס איז אפשר „אַ פראַגע פון יאָרן" ביז דער רעוואָלוציע — וואָס זאָל די קאָמוניטישע אַרמיי טאָן דערווייל ? שפּאַלטן ווייטער ? ערשטנס איז שוין באַלד ניטאָ וועמען, און צווייטנס האָט זיך שוין דער אַרבעטערשאַפט צוגעגעסן די שפּאַלטונגען אַזוי — אַז עס ווערט שוין איצט אַ געפערלאַכער שפּיל, און איבערהויפּט, עס האָט אָנגעהויבן קלאָר ווערן פאַר די קאָמוניסטן גופא אַז זיי האָבן זיך איזאָלירט פון דער גאַנצער אַרבעטער וועלט. דער דריטער קאָנגרעס האָט זיך דעריבער געפילט געצוואונגען אַנעמען די נייע טאַקטיק פון דעם פאַראייניקטן פראַנט.

אין אָנהויב איז די „פאַראייניקטער פראַנט" טאַקטיק, געווען אַן אמת'ע רעוואָלוציע, אַן אַנערקענונג אַז די גאַנצע פריערדיקע טאַקטיק, איז געווען פאַלש, כמעט אַן אומצוטרוי אַפּשטימונג צו זיך אַליין, ווי איין קעגנער פון דער נייער טאַקטיק האָט זיך אויסגעדריקט. דאָס האָט דאָך געמיינט אַז אַנשטאָט זידלען און שעלטן און מחרים זיין יעדן קעגנער, זאָל מען בעסער אויסזוכן די פונקטן אין וועלכע אַלע זיינען מסכים, און אַנשטאָט קעמפן איינער קעגן צווייטן, קעמפן מיט פאַראייניקטע כחות קעגן אַלגעמיינעם שונא.

נאָך מער, די פאַראייניקטע־פראָנט־טאַקטיק איז געווען דער רעזולטאַט פון דער נייער איבערצייגונג אַז כדי צו מאַכן אַ רעוואָלוציע דאַרף מען אַ מערהייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. הייסט דאָס אַז די באַקוניסטישע בונטאַרישע אידייען, אַזוי גוט ווי די נאַאיווע האָפנונגען פון אַ רעוואָלוציע מיט דער הילף פון דער רויטער אַרמיי, האָבן באַנקראָטירט, זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן און דער צוריקקער צום מאַרקסיזם האָט זיך אָנגעהויבן. עס האָבן נאַטירלאַך ביים דריטן קאָנגרעס ניט געפעלט קיין קעגנער פון דער נייער טאַקטיק, וואָס האָבן גע'טענה'ט אַז דאָס איז פּשוט אַן אָפּזאָגן זיך פון קאָמוניזם. אַן איטאַליענער דעלעגאַט, טעטראַטשיני, האָט צ. ב. גע'טענה'ט : „עס דאַרף ניט געזאָגט ווערן אין די טעזיסן, אַז מיר דאַרפן אַ מערהייט פון די אַרבעטער, ווייל

דאָס וועט דינען פאַר אַ וואָפּע אין די הענט פון די רעפאָרמיסטן קעגן אונז, ווייל זיי, די רעפאָרמיסטן, האָבן דאָך אַלע מאָל גע־טענה'עט, אַז מיר דאַרפן האָבן אַ מערהייט פון פּראָלעטאַריאַט, איידער דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף קען זיך ערפאָלגרייך אָנ־הויבן".

טעטראַטשיני איז ניט געווען דער איינציקער. זיכער איז אַז די קעגנער פון דער נייער טאַקטיק, זיינען געווען גערעכט. דער דריטער קאָנגרעס האָט זיך אין דער פראַגע וועגן „מערהייט" צוריקגעקערט צום סאָציאַל דעמאָקראַטיזם.

פון אַפּיל גרעסערער באַדייטונג איז דער נייער שטאַנדפּונקט אַף רעפאָרמען וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען. ביז דעם דריטן קאָנגרעס האָט זיך יעדער קאַמף פאַר קעגנוואַרטיקע פאָדע־רונגען, פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען אין די ראַמען פון דער עקזיס־טירנדיקער אָרדנונג גערעכנט פאַר שעדלאַך פאַרן קלאַסן קאַמף. ווער עס האָט געקעמפט פאַר רעפאָרמען, אויב אַפילו ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר בלויזע פאַרבערייטונגען פאַר דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע, איז דערקלערט געוואָרן פאַר אַ „פאַררעטער צום אַרבעטער קלאַס", און פאַר אַ „לאַקיי פון דער בורזשואַזיע". אין דער צייט פון די שפּאַלטונגען האָט די פראַגע וועגן קעגנוואַרט־פאָדערונגען געשפּילט די הויפּט ראָליע. דאָס וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטן שטעלן אַרויס אַ רייע פאָדערונגען וואָס דאַרפן פאַרבעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער אין דעם קאַפּיטאַליסטישן שטאַט, איז פאַרעכענט געוואָרן פאַר זייער גרעסטן פאַרברעכן. מיט וואָס פאַר אַ גאַל עס פלעגן ריידן די קאָמוניסטן וועגן דעם „רעפאָרמיסטישן עק" וואָס שלעפּט זיך נאָך דער פּלאַטפאָרמע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

היינט געפינט מען דעם זעלבן „עק" נאָך דער קאָמוניסטישער פּלאַטפאָרמע. פאַרן דריטן קאָנגרעס איז דאָס געווען אַנדערש. איין פאָדערונג האָבן די קאָמוניסטן אַרויסגעשטעלט „רעוואָלוציע, וואָס זאָל פירן צו דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט." (געדעכט האָט מען וועגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, געמיינט האָט מען די דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי). מיט איין יאָר פריער האָט נאָך זינאָוויעוו געשריבן אין זיין בריף צו דער

אי דאָבליו דאָבליו אז „די פראגע צי די קאָמוניסטן באטייליקן זיך יע אָדער ניט אין וואלן איז פון צווייטער וויכטיקייט; מאנכע קאָמוניסטישע אָרגאניזאציעס באטייליקן זיך יע, אנדערע ניט, אָבער די וואָס באטייליקן זיך יע, נוצן פּאָליטיק אויס בלויז פאר פּראָפּאגאנדע“*). ביים צווייטן קאָנגרעס האָט בוכארין דערקלערט, אז דער אנטי פּארלאמענטאריזם פון די אי דאָבליו דאָבליו איז „אונז סימפּאטישער ווי דער פּארלאמענטאריזם פון די ס. פּ.“ און דער קאָמינטערן גופא האָט דערקלערט אז:

„דער פּארלאמענט קען בשום אופן ניט זיין די ארענא פאר א קאמף פאר רעפאָרמען פאר קאָמוניסטן — פאר דער פארבעסערונג פון דער לאגע פון ארבעטער קלאס“ **) קעמפן פאר באלדיקע פארבעסערונגען איז קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

דערפאר טאַקע האָט דער קאָמינטערן, אנטזאגנדיק זיך אריינצונעמען אזעלכע מענטשן ווי קאוטסקי, אָטאָ באוער, הילקוויט, מאקדאָנאלד און אנדערע, געמאכט יעדע אנשטריינגונג אריינצוקריגן די פארשיידענע אנארכיסטישע און אנארכאָ־סינדיקאַליסטישע עלעמענטן, וואָס זיינען אלע מאָל געשטאנען מחוץ דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאציאָנאל. דער דריטער קאָנגרעס האָט געמאכט א סוף צו דעם. די „קאָמוניסטישע ארבעטער פּארטיי דייטשלאנדס“, א דורך און דורך אנארכיסטישע „פּארטייעלע“ איז אויסגעשלאָסן געוואָרן, די צו לינקע קאָמוניסטן זיינען געווארנט און שארף קריטיקירט געוואָרן, פאר זייער „רעוואָלוציאָנערן ראָמאנטיזם“ און אלע קאָמוניסטישע פּארטייען, זיינען אינסטרואירט געוואָרן „אויסנוצן זייער איינפלוס אין די טרייד יוניאָנס, און זייער דרוק אף אנדערע פּארטייען וואָס זיינען פארבונדן מיט די מאסן, צו קעמפן פאר די ב א ל ד י ק ע נ ו י ט ן פונם פּראָלעטאריאט. יעדע קעגנערשאפט צום קאמף פאר אזעלכע טייל־

---

*) ציטירט פון פאסטגייטס בוך „דהי באָלשעוויק טהיאָרי“ ז. 234.

**) ווי אזוי די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן האָבן דאָס פארשטאנען זע „דער אַמעריקאַנער קאָמוניזם“ אין דעם בוך ז. 161-174.

פּאָדערונגען, יעדע באַשולדיקונג אין רעפאָרמיזם וואָס ווערט גע־מאַכט אין פארבינדונג מיט דעם קאַמף פאַר טייל־פּאָדערונגען, איז דער רעזולטאַט פון דער זעלבער אומפעיאיקייט צו פאַרשטיין די לעבעדיקע פּראָבלעמען פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס זעט זיך אין דער אָפּאָזיציע פון מאַנכע קאָמוניסטישע גרופּן, קעגן באַטייליקן זיך אין די טרייד יוניאָנס און אין פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף״.

דערמיט וועט נאַטירלאַך יעדער סאָציאַל־דעמאָקראַט מסכים זיין, ער וועט אָבער טענה'ען, אַז דאָס איז פּשוט אַרונטערגעשריבן פון א ס. ד. אַרטיקל קעגן קאָמוניזם.

די נייע טאַקטיק איז פון קאַרל ראַדעק אינטערפּרעטירט געוואָרן אין די פאָלגנדיקע זייער כאַראַקטעריסטישע ווערטער :

„עס איז קלאָר, אַז אין 19־1918 האָבן מיר געקעמפט מיט אַנדערע מעטאָדן. דאַמאָלסט האָבן מיר געשטרעבט מיט אַלע כחות צו שפּאַלטונגען, מיר האָבן אַוועקגעשטעלט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין פאָדערגרונט, בעת איצט, ניט ענדערנדיק אונזערע אַלגעמיינע פאָדערונגען, שטעלן מיר אַוועק אין פאָדערגרונט קאָנקרעטע צייטלאַכע פאָדערונגען. די קאָמוניסטישע פּאַרטייען האָבן איצט פאַר זיך די אויפגאַבע צו אָנהויבן א קאַמף צו באַקומען די מערהייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אַט דער קאַמף קען פאַר־שטענדלאַך, ניט באַשטיין אין איבער'חזר'ן ווי פּאָפּוגאַיען דעם סלאָגאַן פון דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אונזער פליכט איז צו באַטייליקן זיך אין דעם אַרבעטערס קאַמף, צו אויפקלערן טריט נאָך טריט, די באַדייטונג פון יעדן קאַמף, אין איינקלאַנג מיט דעם אַרבעטערס אייגענער דערפאַרונג ! אויסצובוייטערן דעם קאַמפּספּלאַץ מער און מער ; צו פאַרשנעלערן דעם וועג צום ענדציל״.

גאָלדענע ווערטער, אָבער דאָס האָבן אַלע מאָל גע'טענה'עט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דער קאַמף פאַר קעגנוואַרט פאָדערונגען, פאַר דערוויילינקע רעפאָרמען איז דער וועג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מיטן אויסנאַם פון רעוואָלוציאָנערע פראַזן, איז נאָכן דריטן קאָנגרעס גאָר ניט פאַרבליבן אין קאָמוניזם וואָס סאָציאַל־דעמאָקראַטן זאָלן ניט קענען אָנעמען, סיידן די מצוה צו רופן

יעדן סאָציאַל־דעמאָקראַט און בכלל ניט קאָמוניסט, מיאוסע נעמען, און צושרייבן יעדן געזעלשאַפטלאַכן אומגליק אַפן רעכענונג פון מענשעוויזם.

5

די נייע טאַקטיק איז געווען אַזוי ניי, אַזוי רעוואָלוציאָנער, און פאַר די „ריינק ענד פייל" פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אַזוי אומדערוואַרטעט, אַז טראָץ דער אייזערנער דיסציפּלין וואָס הערשט אין איר, האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלט. פון איין זייט האָבן די רעכטע, (אויך אין קאָמינטערן זייגען פאַראַן רעכטע און לינקע) די נייע טאַקטיק פאַרשטאַנען ליקווידאַטאָריש, פשוט שלום מאַכן הייסט דאָס מיט „די פאַרעטער פונם פּראָלעטאַריאַט" — פון צווייטן זייט האָבן זיך אַ סך סעקציעס פשוט אַנטזאָגט צו פאָלגן. די פירער פון קאָמינטערן האָבן זיך דערשראָקן און אין איילעניש אויסגעטייטשט אַז ערשטנס ווילן זיי אַ פאַראייניקטן פראָנט כדי זייערע שותפים צו צעברעכן פון אינעווייניק, און צווייטנס ווילן זיי אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט די מאַסן, ניט מיט די פירער.

עס איז דאָך קלאָר, אַז שוין דערמיט אַליין, וואָס דער קאָמינ־טערן האָט אויסגעזאָגט דעם סוד, האָט ער שוין געמאַכט אונמעגלאַך אַ פאַראייניקטן פראָנט. דער צווייטער צד, וויסנדיק די כונות פון די קאָמוניסטן וועט בעסער וועלן „אַ גוטן קריג איידער אַ שלעכטן שלום". ווען די קאָמוניסטישע פרעסע האָט אויפגעהויבן דעם געשריי אַז די סאָציאַליסטן וואָס שטייען אויסערן קאָמינטערן צעשפּליטערן די אַרבעטער באַוועגונג, דערמיט וואָס זיי אַנטזאָגן זיך פון אַ פאַראייניקטן פראָנט, האָט דאָס געקלונגען קאָמיש מסתמא פאַר זיי אַליין אויך. מ'קען דאָך סוף כל סוף ניט קומען צו קיינעם בעטן אים, „קום ברודערל, פאַראייניק זיך מיט מיר, כדי מיר זאָל זיין גרינגער מאַכן פון דיר אַ תל".

וואָס אַנבאַלאַנגט ווייטער, די אויסטייטשונג אַז „מיר מיינען אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט די מאַסן און ניט מיט די פירער", איז דאָס בלויז אַ פראַזע. מ'קען דורך אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע נאַטירלאַך, פּרואוון, אַריבערציען די מאַסן אַף דער אָדער יענער

זייט. דאָס וועט אָבער ניט זיין קיין פּאַראייניקטער פראָנט. אַ פּאַראייניקטער פראָנט איז אַן אָפּמאַך צווישן צוויי אָדער מער פּאַרטייען, אַזאַ אָפּמאַך קען פּשוט טעכניש ניט דורכגעפירט ווערן מיט די מאַסן, דאָ מוזן פאַרהאַנדלען פאָרשטייער פון די פאַרשיידענע צדדים, ד. ה. פירער.

איצט גייען אָן פאַרהאַנדלונגען צווישן די ענגלישע און די רוסישע יוניאָנס וועגן אַ פּאַראייניקטן פראָנט. ווי אַזוי קומט דאָס פאָר? גאַנץ פּשוט. פאָרשטייער, פירער, פון ביידע צדדים שמועסן זיך דורך און נעמען אָן באַשלוסן. די קאָמוניסטישע פרעס יובלט זייער וועגן דעם באַשלוס פון אָט דער פּאַראייניקטער רוסיש־ענגלישער קאָנפערענץ, וועגן פאַרופן אַ פּאַראייניקטן טרייד־יוניאָן קאָנגרעס. ווער וועט אָפן פּאַראייניקטן קאָנגרעס קומען? ווייטער די פירער. עס איז אמת, די „מאַסן" וועלן דאַרפן אַלץ אָפּמאַכן ראַטיפיצירן. ווי אַזוי וועט דאָס פאָרקומען? די פירער וואָס האָבן אין זייערע הענט אַלע מיטלען פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, וועלן האַלטן רעדעס און שרייבן אַרטיקלען, און אויפקלערן דער מאַסע, ווי גוט, אָדער שלעכט די אָפּמאַכן וועלן זיין, און די „מאַסע" וועט ראַטיפיצירן.

מ'קען אין רעדעס דונערן קעגן די פירער, אָבער אין דער פּראַקטיק קען מען זיך אָן זיי ניט באַגיין. דער רעזולטאַט פון אָט דער נייער אויסטייטשונג איז געווען, אַז אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן.

פון די באַריכטן פון דעם פערטן קאָנגרעס דערוויסן מיר זיך אַז בעת קיין פּאַראייניקטער פראָנט איז אין ערגעץ ניט געשאַפן געוואָרן, זיינען אָבער אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען פאַרנומען מיט „שפּאַלטן זיך", אַז אין אַלע פּאַרטייען זיינען פאַראַן רעכטע און לינקע פראַקציעס, וואָס פירן אַ ביטערן קאַמף צווישן זיך. זינאָוויעוו באַקלאָגט זיך אפילו, אַז די גאַנצע אייזערנע דיסציפּלין און די 21 פּונקטן האָבן ניט געקענט אָפּהאַלטן די אַנטוויקלונג פון אָפּאָרטוניזם אין די רייען פון קאָמינטערן.

„עס איז פאַרהעלטנישמעסיק לייכט" — זאָגט זינאָוויעוו אין זיין רעפּאָרט — „אַנעמען אַ רעזאָלוציע, עס איז אָבער פיל שווע־

רער ווען עס קומט צו פּראַקטישער ארבעט. אפילו די פּראָבע דורכצופירן אַן אינטערנאַציאָנאַלע מיטגלידערשאַפט וואָך איז געווען אַ דורכפאַל, ווייל אונזערע פּאַרטייען זיינען נאָך אַלץ אַזוי פאַר־שיידנאַרטיק; ווייל אונזערע פּאַרטייען זיינען אין מערסטע פאַלן נאָך נישט קאָמוניסטיש. לעצטן יאָר האָבן מיר אונטערנומען עט־לאַכע אינטערנאַציאָנאַלע קאמפּאַניעס. צווישן זיי איז די קאַמפּאַ־ניע פאַרן פּאַראייניקטן פראָנט געווען די וויכטיקסטע, און עס מוז אָפּן צוגעגעבן ווערן, אַז דער דאָזיקער קאַמפּיין איז ניט דורכ־געגאַנגען אָן אַ סך שטערונגען".*)

פון די באַריכטן פון די איינצעלנע לענדער זעען מיר אַז נישט נאָר אין די קאַמפּאַניע פאַרן פּאַראייניקטן פראָנט געשטערט געוואָרן נאָר עס איז פּשוט געווען אַ דורכפאַל.

די לאַגע פון די באַזונדערע פּאַרטייען, ווערט אין דעם באַ־ריכט געמאָלן אַזוי:

„די פראַנצויזישע פּאַרטיי האָט נישט דורכגעפירט די טאַקטיק פון קאָמינטערן . . . עס זיינען דאָרט פאַראַן דריי טענדענצן און צוויי מינאָר־טענדענצן" וואָס קעמפן איינס קעגן דאָס צווייטע. די איטאַליענישע פּאַרטיי „האָט אָפּט געהאַנדלט קעגן דער טאַקטיק פון קאָמינטערן אין איטאַליענישע פראַגן" . . . אין טשעכאָ־סלאָוואַקיע האָט די אָפּאָרטוניסטישע מערהייט אויסגעשלאָסן דער רעוואָלוציאָנערער מינדערהייט, די נאָרוועגישע פּאַרטיי איז קאָ־מוניסטיש נאָר אין נאָמען, (שפּעטער האָט זי זיך געשפּאַלטן). די עקזעקוטיוו פון קאָמינטערן האָט אויך געהאַט „געוויסע מיינונגס פאַרשידנהייטן מיט דער פּוילישער פּאַרטיי", די באַלקאַנישע פעֶ־דעראַציע „פונקציאָנירט שוואַך" . . . „אין ענגלאַנד וואַקסן מיר זייער לאַנגזאַם" . . . . „אין אַמעריקע האָבן מיר אַ פּאַרטיי

---

*) באַריכט פון פערטן קאָנגרעס. ענגליש, ז. 15-16.

אין וועלכער עס הערשט אַ ביטערער פראַקציאָנעלער קאַמף״ . . .
אין אונגאַרן איז די לאַגע זייער שלעכט״ און אז. וו. *)

בכלל האָט דער פערטער קאָנגרעס באַוויזן אַז די נייע טאַקטיק איז ניט געווען בכח צו פאַרהאַלטן דעם „באַרג אַראָפּ״ גאַנג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. פאַרקערט נאָך, די נייע טאַקטיק האָט צוגעגעבן אַ טעאָרעטישן פּלאָנטער צו דער פאַרצווייפלונגס שטימונג אין וועלכער די באַוועגונג איז אַריינגעפאַלן.

---

*) זינאָוויעווס באַריכט צום 4טן קאָנגרעס, ענגליש, ז. 16-19-20-22-23-25-26 (פאַרקירצטע אויסגאַבע).

די אַרטיקלען זיינען געשריבן געוואָרן נאָך איידער די „וואָרקערס פּאַרטי״ איז אָרגאַניזירט געוואָרן.

די „וואָרקערס פּאַרטי״ האָט זיך, אָן ספק, באַפרייט פון אַ סך פון די קינדער־קראַנקהייטן פון פריערדיקן קאָמוניזם, אינגאַנצן אָבער באַפרייען זיך פון זיי האָט זיך איר ניט איינגעגעבן. דער גרויסער חסרון פון דעם פריערדיקן קאָמוניזם, אַזוי גוט ווי פון דער איצטיקער „וואָרקערס פּאַרטי״ איז וואָס אַנשטאָט זיין אַן אַמעריקאַנער קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז זי אַ רוסישע פּאַרטיי אין אַמעריקע.

# דער אַמעריקאַנער קאָמוניזם

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט מיט אַלע כחות געזוכט צו־צוקומען צום אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט. איר אָפּאָרטוניסטישער סאָציאַל רעפאָרמיסטישער כאַראַקטער גופא איז דער רעזולטאַט פון אָט דעם שטרעבן. דאָס האָט זיך איר אָבער ווייניק וואָס איינגעגעבן. וועלנדיק זיך צופּאַסן צום אַמעריקאַנער אַרבעטער, וועלכער איז פּראַקטיש, האָט זי אויך געזוכט צו ווערן פּראַקטיש. דער רעזולטאַט אָבער איז געווען בלויז דאָס וואָס זי האָט פאַרלאָרן איר סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. אָבער דעם אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט האָט זי צו זיך ניט צוגעצויגן. די אומגעהויערע מערהייט פון דער ס. פּ. זיינען פאַרבליבן פרעמדע, אייראָפּייער, דייטשן, אידן, רוסן, פּאָליאַקן און ווער ניט, און צווישן זיי אַ קליין הייפעלע אַמעריקאַנער. אָט די אַלע אייראָפּייער, אָרגאַניזירט אין באַזונדערע נאַציאָנאַלע פעדעראַציעס, האָבן געלעבט זייער אייגן באַזונדער לעבן, זיך האַלטנדיק אָן זייערע אַלטע אייראָפּעאישע טראַדיציעס. לעבנדיק מיט די אידעאַלן און באַגריפן, און אפילו מיט די געשענישן פון דער אַלטער היים. אינסטינקטיוו האָבן זיי געפּרואוט צופּאַסן אַמעריקע צו זיך, אנשטאָט זיך צו אַמעריקע. ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער קריג, און שפּעטער די רוסישע רעוואָלוציע, ווען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אייראָפּאַ האָט זיך אנגעהויבן דער גרויסער אינערלאַכער קאַמף, האָט דאָס גע־

קראַגן אַ שטאַרקן און לעבעדיקן אָפּקלאַנג אויך אין אַמעריקע. דער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע ריכטונגען, וועלכע האָבן זיך אין דער ס. פּ. אימער געפונען, און וועלכער איז אייגנטלאך אַלע מאָל אַנגעגאַנגען, האָט זיך פאַנאַנדערגעפּלאַקערט, אין דער ליכט פון די נייע געשעענישן איז קלאָר געוואָרן, אַז די פאַרשיידענע ריכטונגען קענען צוזאַמען ניט גיין. און טאַקע ווייל די פּאַרטיי איז אַן אייני־הייטלאַכע, איז ניטאָ קיין מעגלאַכקייט צו וואַרענען די ברייטע אַר־בעטער מאַסן קעגן דער געפאַר פון אָפּאָרטוניזם, און אויפדעקן דעם אמת׳ן כאַראַקטער פון דעם סאָציאַל רעפאָרמיזם. דער אויסוועג איז קלאָר — מען מוז זיך שפּאַלטן, יעדערער זאָל זיך גיין זיין וועג.

אין מיטן 1919 איז די שפּאַלטונג פאָרגעקומען, די לינקע, די רעוואָלוציאָנערן, האָבן זיך פון דער ס. פּ. אָפּגעטיילט און האָבן געגרינדעט... מיט איין מאָל צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען!

צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען? וואָרום עפּעס צוויי? דער אמת איז, אַז עס האָט פּונקט אַזוי געקענט געגרינדעט ווערן פיר. ווייל צווישן די צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען איז פּאַקטיש ניטאָ קיין איין פּרינציפּיעלער חילוק. אָבער די צוויי פּאַרטייען עקזיסטירן ביידע און זידלען זיך אויפן שענסטן אופן. „קאָנטער־רעוואָלוציאָ־נערן" איז דאָס לייכטסטע מיט וואָס איינע איז דעם צווייטן מכבד. אין דער פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון אמעריקע ווערט צווישן אַלע אַנדערע וויכטיקע אויפגאַבן, וואָס זי דאַרף טאָן, אויך אַריינגערעכנט דער פאָלגנדיקער פּונקט:

די ק. פּ. וועט פירן אַ קאַמף קעגן די צענטריסטן (דער פאַר־אייניקטער ק. פּ.) אַראָפּרייסן די מאַסקעס פון זייערע פירער, און ווייזן, אַז זיי אַנערקענען די פּרינציפּן פון קאָמוינזם בלויז אין ווערטער אָבער ניט אין טאַטן, און אויך זייערע צענטריסטישע צילן".

ווען אַ פּאַרטיי געפינט פאַר נויטיק צו מאַכן איר קאַמף קעגן אַ צווייטער פּאַרטיי פאַר אירן אַ פּראָגראַם־פּונקט, מוז דאָך דער אונטערשייד צווישן זיי זיין אַ גוואַלדיקער. ניין, נאָך מער, זיי מוזן זיך זיין בלוטיקע שונאים. ווען מיר טאַקע פּרואוון זען וועגן וואָס האַנדלט זיך עס דאָ. באַטראַכטנדיק דעם סכסוך

צווישן די ביידע פּאַרטייען, וועט אונז דערוויייל בכלל קלאָר ווערן דער כאַראַקטער פון דעם אַמעריקאַנעם קאָמוניזם.

אין דעם נומער 5 פון דעם „נאָווי מיר" איז דאָ אַ לאַנגע און דעטאַלע קריטיק פון דער פּראָגראַם פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיי. דער שרייבער, אָדער בעסער, די רעדאַקציע, ווייל דער אַרטיקל איז ניט קיין אונטערגעשריבענער, פּרואווט קלאָר מאַכן דעם אונטערשיד צווישן די צוויי קאָמוניסטישע פּאַרטייען. לאָמיר זען וואָס דער שרייבער האָט צו זאָגן.

די פּראָגראַם איז שלעכט געשריבן. דאָרט זאָגט זיך צ. ב. ש., אַז דער עצם כאַראַקטער שטריך פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם איז דאָס אייגנטומס־רעכט און קאָנטראָל פון אַ קליינעם קלאַס מענטשן אויף די מאַטעריאַלן אַזוי גוט ווי אויף די ווערק־צייג פון דער פּראָדוקציע און די אויסטויש־מיטלען". סטייטש, שרייט דער שרייבער, אָט אַזוי ריידן דאָס קאָמוניסטן, עס דאַרף זיין „די באַזונדערקייט פון דער בורזשואַזער סיסטעם איז די סחורה פּראָדוקציע אויפן יסוד פון די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוק־ציאָנס שייכות'ן אונטער וועלכע די סאַמע וויכטיקסטע טיילן פון פּראָדוקציאָנס מיטלען און צירקולאַציע פון סחורות געהערט צו אַ קלאַס מענטשן, וואָס איז קליין אין צאָל, אין דער צייט, וואָס דער גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג באַשטייט פון פּראָלע־טאַריער און האַלב פּראָלעטאַריער וואָס זיינען געצוואונגען דורך זייער עקאָנאָמישער לאַגע בסדר, אָדער פּעריאָדיש צו פאַרקויפן זייער אַרבעטס קראַפט, ד. ה. זיך פאַרדינגען צום קאַפּיטאַליסט, און מיט זייער אַרבעט שאַפן איינקונפט פאַר די העכערע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט".

איר פאַרשייט, ווי שרעקלאַך! ווי קאָנטר־רעוואָלוציאָנער די „פאַראייניקטע" זיינען. זאָגט אייך וואָס איר ווילט, ליבער לעזער, אָבער מיר דערמאָנט די גאַנצע מעשה אָן די אַמאָליקע סכסוכים

וואָס זיינען מיט הונדערטער יאָרן צוריק אָגעפירט געוואָרן צווישן די גייסטלאַכע פון די פאַרשיידענע ריכטונגען און קריסטענטום, דאָס איז עפּעס אַ נייע קאָמוניסטישע ככאָלאַסטיק.

איך וואָלט געקענט ברענגען נאָך פיל אַזעלכע ציטאַטן, אָבער דאָס וואָלט פאַרנומען צו פיל פּלאַץ, וועל איך זיך באַשרענקען נאָר אויף נאָך עטלאַכע כאַראַקטעריסטישע אַרגומענטן. אין דער פּראָגראַם פון די „פּאַראַייניקטע" ווערט געזאָגט: „די וואָס וואַגן אויסצודריקן דעם שטרעבן פון די מאַסן, איבערהויפּט אָבער די קאָמוניסטן, וואָס זיינען פאַר דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם וואַרפט די רעגירונג טויזנטערווייז אין די טורמעס". אָט דאָס קען שוין דער „נאָווי מיר" גאָר ניט אַריבערטראָגן, הייסט דאָס, אַז איר ווילט אײַנגאַנצן פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם! קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן וואָס איר זייט! צענטריסטן! „די קאָמוניסטן זיינען קיינמאָל ניט געווען פאַר דער „פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון אַלע פּראָדוקציאָנס מיטלען, זיי זיינען אויך קיינמאָל ניט אַרויסגעטראָטן קעגן דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל" און ווייטער: „די קאָמוניסטן זיינען קיינמאָל ניט געווען פאַר דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם, די קאָמוניסטן זיינען געווען און זיינען פאַר דער פאַרניכטונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן שטאַט און פאַר דער שאַפונג פון אַ פּראָלעטאַרישן אין דער פאָרמע פון אַ סאָוועטן רעגירונג, ד. ה. פון דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט". קענט איר דאָך מיינען, אַז די „פּאַראַייניקטע" זיינען קעגן דער דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט און סאָוועטן, חלילה — אָבער דער אונטערשייד צווישן די צוויי פּאַרטייען, ווי איר זעט, איז אַ גוואַלדיקער.

און אָט איז נאָך אַ חטא פון דער פּאַראַייניקטער ק. פּ. זי האַלט אַז די אינדוסטריעלע יוניאָנס „קענען אויסגענוצט ווערן אין דעם קאַמף פאַר דער פאַרכאַפּונג פון מאַכט, און וועלכע קענען גלייכצייטיק דינען אַלס יסוד פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער צוקונפטיקער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט". דאָס איז דאָך שוין געוויס קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

ווי קען מען זיך דערקלערן אַט דעם „הייליקן קאַמף", וואָס קאָמוניסטן פירן קעגן קאָמוניסטן? בלויז אויף איין וועג. די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע, ווי זי ווערט אויסגעדריקט אין דער פּראָגראַם און טאַקטיק פון ק. פּ., האָט קיין ארבעט ניט, זי איז ניט, און קען ניט זיין קיין פּאַרטיי פון די ברייטע אַרבעטער מאַסן, זי טוט ניט און קען ניט טאָן קיין שום ממשות'דיקע אַרבעט, נו, איז קעמפן איינער מיטן צווייטן אויך אַן אַרבעט!

ווען די ס. פּ. האָט זיך געשפּאָלטן, האָבן די אַלע, וואָס האָבן געגאַרט צו זען אַן אמת רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין אַמעריקע, אַ פּאַרטיי, וואָס זאָל זיין סאָציאַליסטיש ניט נאָר אין נאָמען, נאָר אויך אין אירע מעשים, — דער שפּאַלטונג באַגריסט. עס האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז דער אָפּגעשפּאָלטענער טייל פון דער ס. פּ., וואָס האָט אָנגענומען די פּרינציפּן פון דעם מאַרקסיסטישן סאָציאַליזם, וועט, באַוואָפנט מיט דער מאַרקסיסטישער פאָרשונגס־מעטאָדע, אונטערזוכן די לאַגע פון דעם אַמעריקאַנעם פּראָלעטאַריאַט. די מעגלאַכקייטן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און וועט אויפן ס מ ך פ ו ן ד י דאָזיקע אונטערזוכונגען אויסאַרבעטן איר אַרבעטס־פּראָגראַם. פּאַסירט האָט אָבער גאַנץ עפּעס אַנדערש. אַנשטאָט זיך צו „באַדערן" מיט דער אַמעריקאַנער ווירקלאַכקייט האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַר זיך אויסגעקליבן דעם לייכטערן וועג, זי האָט פּשוט פּאַרטיגערהייט אַרונטערגעשריבן די פּראָגראַם פון די רוסישע קאָמוניסטן.

די קאָמוניסטן דערקלערן, אַז „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע איז דער באַוואוסטזיניקער אויסדרוק פון דעם אַרבעטער'ס קלאַסן־קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם.

„אַלס דער אוואַנגאַרד וועט זי אַט דעם קאַמף אָנפירן, כדי צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט, צעשטערן דעם קאַפּיטאַליסטישן שטאַט און איינפירן די דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט א. אַז. וו. אונז גייט דאָ איצט ניט אָן די פּראָגראַם אַלס אַזעלכע, ביי אונז שטעלט זיך איבערהויפּט די פראַגע, ווי אַזוי דיינקען דאָס די קאָמוניסטן צו טאָן. ווייל נאָך אַלעמען איז די פּראָגראַם נאָר

ניט קיין פינקטלאכע. די קאמוניסטן אין אמעריקע זיינען נאך דערוויילן ניט „דער באוואוסטזיניקער אויסדרוק פונם ארבעטער׳ס קלאסן קאמף" שוין פשוט דערפאר, ווייל זיי האבן קיין שום איינפלוס ניט אויף דער ארבעטערשאפט. נאר וואס דען? די קאמוניסטן ו ו י ל ן דאס ווערן, און ווילן אויך ווערן די אנפירער פון דעם „ארבעטערס קלאסן־קאמף", טו מוזן זיי דאך פריער פון אלץ געפינען א וועג ווי אזוי צו צוקומען צום ארבעטער, ווי אזוי צו געווינען דעם צוטרויען פון די ארבעטער, ווי אזוי צו געווינען דעם צוטרויען פון די ארבעטער פירערשאפט, מוז מען זיך פארדינען, אננעמען א רעזאלוציע, אז מיר ווילן פירן איז נאך ווייניק.

די דערפארונג אין דער סאציאליסטישער באוועגונג האט אונז געלערנט, אז ווען א פארטיי קומט צו די ברייטע ארבעטער־מאסן ביט קיין אנדער זאך ווי אבסטראקטע פרינציפן, מיט א וועקסל אויף דער צוקונפט, און אן וועלכן עס איז מיטל פארן היינט, ווען א פארטיי קומט צו די ארבעטער, וועלכע פירן טאג טעגלאך אן א ביטערן קאמף קעגן זייערע אונטערדריקער, א קאמף, וואס איז ניט דער רעזולטאט פון רעזאלוציעס אדער טעאריעס, נאר פון נויט און ליידן, און האט זיי גאר ניט צו געבן, אויסער א צוזאג אויף דער צוקונפט, — אזא פארטיי קען קיין ערפאלג ניט האבן.

ווי אזוי וועט די קאמוניסטישע פארטיי קריגן איינפלוס אויף די ארבעטער? לאמיר זען. די ק. פ. דערקלערט זיך פאר א פאליטישער פארטיי, פאלגלאך קען זי אויפן פאליטישן געביט איבערהויפט אין דער צייט פון וואלן, קומען צו די ארבעטער מיט איר פראגראם. פארשיידענע פארטייען קומען דאן פארלאנגען דעם ארבעטער׳ס שטימען, יעדע איינע דערקלערט אים וואס זי דענקט צו טאן, אויב זי וועט זיגן. וואס האבן די קאמוניסטן צו זאגן? גאר ניט. זיי זיינען קעגן וועלכע עס איז רעפארמען, וועלן ניט ארויסשטעלן קיין שום פאדערונגען, אויסער „דיקטאטור פון פראלעטאריאט". נאך מער, אט דערקלערט א זייער אנגעזעענער טוער פון דער ק. פ. הער גייסט יונגער אין דעם „קאמף" פון 10טן דע־

צעמבער, 1920, וואָס ער דיינקט וואָלטן געטאָן דערוויילע קאָמו־ניסטן אין קאָנגרעס. שטעלט אייך פאָר, אַז אין קאָנגרעס ווערט אַריינגעבראַכט אַ ביל צו פאַרווערן צו באַשעפטיקן אין די פאַבריקן קינדער אונטער 17 יאָר, וואָס וואָלטן די קאָמוניסטן געטאָן? „די קאָמוניסטן וואָלטן געשטימט קעגן". פאַר וואָס? ווייל „אַזאַ געזעץ קען ניט דורכגעפירט ווערן אין לעבן כל זמן דער שטאַט פאַרזיכערט ניט די קינדער ביז דער עלטער מיט ערנערונג און דערציהונג" און אַזאַ זאַך קען דער שטאַט ניט טאָן אַזוי לאַנג, ווי ער איז אַ קאַפּיטאַליסטישער. נו, און אַז עס וועלן זיין בילס וועגן קירצערע אַרבעטס־שטונדן, וועגן בעסערע אַרבעטס־באַדינ־גונגען, וועגן פאַרווערן אינדזשאַנקשאַנס, וועגן נאַציאָנאַליזירן אייזנבאַנען, וועגן פאַרזיכערונג פון אַרבעטסלאָזיקייט א. א. וו., א. א. וו. נאַטירלאַך זיינען דאָס אַלץ פּאַליאַטיוון, וועלן הייסט דאָס די קאָמוניסטן שטימען קעגן זיי. „ווייל די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער גלויבן אפילו ניט, מען זאָל קענען דורכן פאַרלאַמענט דורכפירן וועלכע עס איז באַדייטנדיקע פאַרבעסערונגען אין די לעבנס־באַדינגונגען פונם אַרבעטער קלאַס", אַז דער סאָציאַליזם קען ניט איינגעפירט ווערן דורך געזעצגעבונג קענען מיר פאַרשטיין, אָבער אַז דורך געזעצגעבונג קען קיין שום פאַרבעסערונג ניט איינגעפירט ווערן אין דעם לעבן פון דעם אַרבעטער קלאַס... דאָס איז שוין, זעט איר, אַ רעזולטאַט פון... אומוויסנקייט. וואָלט דער הער „גייסט יונגער" זיין אַביסל באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג און מיט דער געשיכטע פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג, וואָלט ער וויסן, אַז „פאַרבעסערונגען" זיינען יאָ מעגלאַך דורך געזעצגעבונג.

די קאָמוניסטן וואָלטן, אַלזאָ, געשטימט קעגן אַלע אַזוינע בילס. גוט. וואָס רעכנט איר וואָלטן דערצו געזאָגט די אַרבעטער, וועלכע זיינען בלויז פאַראינטערעסירט אין די דאָזיקע בילס, און וועלכע, אויב זיי דערוואַרטן אפילו ניט די גאַנצע ישועה פון זיי, דערוואַרטן אָבער יאָ געוויסע פאַרלייכטערונגען? דענקט איר ניט, הער גייסט יונגער, אַז די אַרבעטער וועלן אייך דערקלערן פאַר פאַררעטער און קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, אַז איר וועט אײנ־

גאַנצן פאַרלירן זייער צוטרויען, און אַז ביי די נעקסטע וואַלן וועלן אייערע דעלעגאַטן דורכפאַלן און די אַרבעטער וועלן שטימען פאַר אייערע שונאים, טאַקע פאַר די, וועלכע פאַרלייקענען אינגאַנצן דעם קלאַסן קאַמף און שמועסן איין די אַרבעטער, אַז די רעפאָרמען גופא זיינען דער ענדציל פון קלאַסן־קאַמף?

אָבער צו וואָס זיך אַליין נאַרן? מיר ווייסן דאָך, אַז באמת זיינט איר אַ פּאָליטישע פּאַרטיי נאָר לפנים, ווייל דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל הייסט. אָט לייען איך אין דעם „נאָווי מיר" (נומ. 5. ז. 17) אין דעם ענטפער צו דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער, ניט קענענדיק געפינען קיין ברעקל אונטערשייד צווישן די צוויי עקזיסטירנדיקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, האָט זיי געהייסן זיךביידן פאַראייניקן, אַז "אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז דאָ אַ היבשע צאָל חברים, וואָס טרעטן אַרויס קעגן דעם פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף. אָבער מיר שליסן זיי ניט אויס דערפאַר פון אונזער פּאַרטיי, און וועגן אָט דער פראַגע וואָלטן מיר זיך ניט געשפּאָלטן, אויב אפילו זיי זאָלן אויפן צוזאַמענפאָר געווען זיין די מערהייט, איבערהויפּט נאָך ווען אונזער פּאַרטיי קען סיי ווי ניט אַרויסשטעלן קיין קאַנדידאַטן, ווייל די רעגירונג האָט איר גע־שטעלט אויסערן געזעץ".

דאָס איז קלאָר. ווייל ניט קענען און ניט וועלן אַרויסשטעלן קאַנדידאַטן זיינען דאָך צוויי באַזונדערע זאַכן, און ווי עס שיינט, זיינען די קאָמוניסטן מיט ביידע מסכים.

ווי אַזוי דערקלערט זיך דאָס? אָט ווי אַזוי. די קאָמוניסטן לעבן ניט מיט אַמעריקע, נאָר מיט אייראָפּע. אין אייראָפּע איז די רעוואָלוציע ש ו י ן ד אָ, און אין דעם מאָמענט, ווען אַ רעוואָלוציע ברעכט אויס, האָט קיין זין ניט אַרויסצוקומען מיט וועלכע עס איז האַלב־מיטלען, דאָרט קומט פאַר אַ קאַמף אויף לעבן און טויט, און דער קאַמף מוז געפירט ווערן פאַר אַלץ אָדער גאָרניט. אָבער אין אַמעריקע? ווען די קאָמוניסטן וואָלטן אַ קוק טאָן מיט ניכטערע אויגן אויף דער אַמעריקאַנער ווירקלאַכקייט, וואָלט זיי ניט לאַנג גענומען אויסצוגעפינען, אַז מיר שטייען נאָך ניט

אויפן שוועל פון א סאָציאַלער רעוואָלוציע, אז אונזער וועג איז נאָך א גאַנץ לאַנגער, און איבערהויפּט אַן אַנדערער ווי דער וועג פון אונזערע אייראָפּייאישע חברים. דאָס זעען זיי אָבער ניט. און דערפאַר איז זייער גאַנצע פּראָגראַם אפשר גאַנץ גוט פאַר איי־ראָפּא, אָבער ווערטלאָז פאַר אמעריקע.

.2

ריידנדיק וועגן דער שייכות פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו דער געווערקשאַפטלאַכער באַוועגונג, ווערט אין דער פּראָגראַם פון דער ק. פּ. געזאָגט:

„די ק. פּ. לייקנט ניט אָפּ דעם פאַקט, אז די אינדוסטריעלע יוניאָנס קענען קעמפן ערפאָלגרייכער פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון דעם ארבעטער קלאַס, און פאַר העכערע שכירות אין די ראַמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, אָבער דער אינדוסטריעלער יוניאָניזם קען ניט פאַרכאַפּן די שטאַטלאַכע מאַכט, ער קען ניט צוגרייטן די ארבעטער פאַר דער פּראָלעטאַרישער רע־וואָלוציע, און אָנפירן זיי אין דעם פעריאָד פון אזא רעוואָלוציע“.

מ׳קען, נאַטירלאַך, אויך וועגן דעם א סך זאָגן. אלץ וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן וועגן די „איי דאָבליו דאָבליו“, איז בלויז א האַלבער אמת, עס איז אָבער פאַרגעסן געוואָרן צו צוגעבן אז די א. וו. וו. הגם די פּראָגראַם באַקלאָגט זיך ווייטער „איז קענען די גרונט פּרינציפּן פון קאָמוניזם א. אז. וו.“ איז אָבער די איינציקע אמת רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציע אין אמע־ריקע, דערוויייל דער וויכטיקסטער קאַנאַל דורך וועלכן די רעוואָלו־ציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע קען געבראַכט ווערן צו א גאָר גרויסן טייל פון דעם אמעריקאַנעם פּראָלעטאַריאַט. לאָמיר אַלזאָ זען, וואָס איז די פּאָזיטיווע שטעלונג פון דער ק. פּ. צו דעם אינדוסטריעלן יוניאָניזם. אין דעם פּראָגראַם ווערט וועגן דעם געזאָגט פאָל־גענדעס:

„די ק. פּ. לייקנט ניט, אז די א. פ. אָוו ל. איז א רעאַקציאָ־נערע אָרגאַניזאַציע, און א שטיצע פאַרן קאַפּיטאַליזם, אָבער די

ק. פ. לייקנט, די אידייע, וואָס ווערט פון די א. וו. וו. געפּריידיקט „צו צעברעכן די א. פ. אָוו ל.". הייסט דאָס, אַלזאָ, אַז די קאָמוניסטן ווילן דער א. פ. אָוו. ל. ניט צעברעכן. פאַרוואָס? מסתמא ווייל נאָך אַלעמען איז די א. פ. אָוו ל. אַ גרויסע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, און אַנשטאָט צו ברעכן איר, דאַרף מען בעסער בויערן פון אינווייניק און רעפאָרמירן איר. — ניין, איר מאַכט אַ טעות, די ק. פּ. וויל ניט ברעכן דער א. פ. אָוו ל. דערפאַר ווייל „אַזאַ פּאָליטיק וואָלט געפאָדערט די פאַרשווענדונג פון אַ סך כחות פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פאַר אַ ריין רעפאָרמערישער אַרבעט, פאַר דער ענדערונג פון דער פאָרמע פון די געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס, פאַרנאַכלעסיקנדיק דערוויל די וויכטיקסטע אַרבעט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג — די פּראָפּאַגאַנדע פון די גרונט־פּרינציפּן פון קאָמוניזם צווישן די מאַסן".

פאַר וואָס מען מוז פאַרנאַכלעסיקן די פּראָפּאַגאַנדע פון די קאָמוניסטישע גרונט־פּרינציפּן אין דער צייט וואָס מען אַגיטירט פאַר דעם אינדוסטריעלן יוניאָניזם, קען איך ניט פאַרשטיין. דאַכט זיך פאַרקערט, ערשט ווען די גרונט־פּרינציפּן פון קאָמוניזם וועלן אָנגעווענדעט ווערן אויף די נויטן פון דעם אַרבעטערס אַלטעגלאַכן קאַמף, וועלן זיי פיל צוגאַנגלאַכער זיין פאַר זיי, זיכער קען מען ניט קומען צו די אַרבעטער מיט אַ פּראָפּאַגאַנדע פון ריין אַבסטראַקטע פּרינציפּן, מיט אַ וועקסל אויף דער צוקונפט, און פאַרמאַכטע אויגן אויף דעם היינט!

די פּראָפּאַגאַנדע פון די גרונט־פּרינציפּן פון קאָמוניזם, דערקלערט ווייטער די פּראָגראַם, איז „די סאַמע וויכטיקסטע פליכט פון דער ק. פּ. און יעדע אַנדער זאַך, ווי צ. ב. ש. די אויפבויאונג פון בעסערע געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס, פאַרן קאַמף קעגן די עקספּלואַטאַטאָרן פאַר העכערע שכירות און בעסערע אַרבעטסבאַדינגונגען, איז אַ זאַך פון צווייטן ראַנג."

און ווייטער: „די ק. פּ. וועט זיך באַטייליקן אין סטרייקס, ניט כדי צו דערגרייכן דירעקטע ערפאָלגן, נאָר כדי צו ווירקן אויף די סטרייקערס אין א רעוואָלוציאָנערן זין".

וואָס עס מיינט „ווירקן אויף די סטרייקערס אין א רעוואָלוציאָנערן זין" דאַרף נאָך פריער דעפינירט ווערן. פאַר די קאָמוניסטן קומט אויס, אַז ווירקן אין א רעוואָלוציאָנערן זין מיינט האַלטן פייערדיקע רעדעס וועגן דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט; פאַרקערט אַנדערע, און איך בתוכם, גלויב, אַז עס איז פיל מער רעוואָלוציאָנער, אָנצוואָווייזן די אַרבעטער אויף די חסרונות פון זייערע געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס, העלפן זיי שאַפן נייע, בעסערע אינדוסטריעלע יוניאָנס, ווי שרייען „הורא" פאַר דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע. אָבער ניט דאָס אינטערעסירט מיר דאָ. אין דעם אויסצוג פון דער קאָמוניסטישער פּראָגראַם, וואָס איך האָב אויבן ציטירט אינטערעסירט מיר גאַנץ עפּעס אַנדערש. פון דער פּראָגראַם איז קלאָר, אַז די קאָמוניסטן האַלטן פאַר אומוויכטיק דעם אַלטעגלאַכן קלאַסנקאַמף, פאַר אומוויכטיק די גאַנצע געווערקשאַפטלאַכע באַוועגונג; אַזוינע קלייניקייטן, ווי שאַפן בעסערע געווערקשאַפטלאַכע אָרגאַניזאַציעס, העכרן שכירות, אויסקעמפן בעסערע אַרבעטס-באַדינגונגען, אינטערעסירט דעם קאָמוניסט ניט, ער וויל ניט אַנדערש, ווי די סאָציאַלע רעוואָלוציע, און טאַקע שוין גלייך.

וואָס באַווייזט דאָס אונז? דאָס באַווייזט אונז אַז אונזערע קאָמוניסטן רעכענען זיך ניט מיט דער ווירקלאַכקייט אין וועלכער זיי לעבן. זיי פרעגן זיך ניט, צי איז דער אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט, כאָטש א באַדייטנדיקע מינדערהייט זיינע, גרייט פאַר א סאָציאַלער רעוואָלוציע. זיי האָבן זיך, דאַכט זיך, אָננעמענדיק זייער פּראָגראַם אפילו ניט פאַרטראַכט ווי אַזוי קענען זיי צום אַמעריקאַנעם פּראָלעטאַריאַט קומען מיט זייער פּראָפּאַגאַנדע, צו וואָס זיך רעכענען מיט אַזוינע קלייניגקייטן? אין רוסלאַנד איז א רעוואָלוציע, ווילן מיר אין אַמעריקע אויך דאָס זעלבע. און איר אַלע, וועלכע דיינקט, אַז מען מוז פריער שאַפן א באָדן פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אַז מען מוז פריער געפינען א וועג

ווי אזוי צו צוקומען מיט דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע צו די ברייטע ארבעטער מאסן, זיינט בכלל קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. ווילט איר זיין רעוואָלוציאָנערן, אמת׳ע הונדערט־פּראָצענטיקע, אזוי, אז דער „קאמף״ זאָל אייך טאקע פאר אזעלכע אנערקענען און געבן זיין הסכמה, טו שרייט הויך: ״מיר ווילן א סאָציאַלע רעוואָלוציע״ און דערפאר... גייט אונז דער אַלטעגלאָבער קלאסנ־קאמף גאָרניט אָן!

עס איז קלאָר, אז ווען א לאַנד שטייט אין מיטן פון א סאָציאַלער רעוואָלוציע, איז לעבערלאַך אז א סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי זאָל זיך פארנעמען מיט אזוינע „קליינינקייטן״, ווי איבערבויען די יוניאָנס, ווי באטייליקן זיך אין סטרייקס, טאקע כדי צו פאר־בעסערן די לאַגע פון די ארבעטער. דאָס איז פשוט אומדיינקבאר. אָבער דאָ, ביי אונז אין אָמעריקע, ווען די א. פ. אָוו ל. מיט גאָמפּערסן זיינען נאָך דערוויי׳ל די פירער און טאָנגעבער פון דער גרעסטער טייל פון דער אָרגאַניזירטער ארבעטערשאַפט, ווען דער קאַפּיטאַליזם זיצט אויף זיין זאָטל גאַנץ פעסט, ווען די קאָמוניסטן האָבן פאַקטיש קיין שום איינפלוס ניט אויף דער ארבעטער באַ־וועגונג; דאָ אין אָמעריקע דערקלערן, אז אזוינע זאכן ווי דער געבוי פון די יוניאָנס און דער אַלטעגלאָבער קאמף פון די ארבע־טער פאר פארבעסערונגען „מיינט זיך צו פארנעמען מיט רעפאָרם פּאָליטיק״ און זיך שטעלן אלס אויפגאבע בלויז צו פּראָפּאַ־גאַנדירן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאט, באוואפנטן אויפשטאַנד א. אז. וו., מיינט פשוט ברענגען די אידייע פון דער רעוואָלו־ציאָנערער טאַקטיק צום אבסורד.

די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין אָמעריקע איז קליין און אומבאַדייטנד. ווי אזוי וועט זי קענען אויסוואקסן און שטאַרק ווערן? נאַטירלאַך, דורך פּראָפּאַגאַנדע, אָבער ווי מיר האָבן געזען מוז איר פּראָפּאַגאַנדע זיין א דורכאויס אבסטראַקטע. אָבער דערצו קומט נאָך צו דער אומשטאַנד, וואָס די גאַנצע באַוועגונג, און נאַטירלאַך איר פּראָפּאַגאַנדע איז אָן אומלעגאַלע. מעגן זיך די קאָמוניסטן זיין אין כעס, און דערקלערן יעדן איינעם, וואָס וועט דאָס זאָגן.

פאַר אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, אָבער פאַקט בלייבט פאַקט, אַז אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע קען איצט, אין אַמעריקע, בשום אופן ניט קריגן קיין איינפלוס אויף דער ארבעטערשאַפט. אָבער. מ'ענה'ען די קאָמוניסטן, וואָס זאָלן מיר טאָן, אַז מיר זיינען געצוואונגען צו זיין אומלעגאַל? וואָס זאָלט איר טאָן? דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל האָט שוין דערויף געענטפערט, — צוזאַמען מיט די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, מוזן געשאַפן ווערן אויך לעגאַלע. אָבער די ק. פּ. איז „פּרינציפּיעל קעגן יעדער אנטייל אין לעגאַלע, קולטוראויפקלערנדיקע אָרגאַניזאַציעס, און קעגן שאַפן אַזעלכע דורך אירע מיטגלידער“, ד. ה. פּשוט, אַז אויב קאָמוניסטן זאָלן זיך וועלן אָרגאַניזירן, לאָמיר זאָגן, אין אַן ארבעטער רינג ברענטש, מאַרקס קלוב, אָדער אַנדערע אַזוינע אָרגאַניזאַציעס, פון וואַנען זיי וואָלטן קענען אויף אַ לעגאַלן אופן אָנפירן זייער פּראָפּאַגאַנדע. איז דאָס „שטרענג פאַרבאָטן“*).

און אַז איך האַלט שוין דערביי, ווילט זיך מיר אַ פרעג טאָן אַ שאלה ביי די קאָמוניסטן: וואָס הייסט, דאָס איר זאָגט זיך פּרינציפּיעל ארויס קעגן יעדן אנטייל אין לעגאַלע, קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס? וואו איז דאָ דער פּרינציפּ? אומלעגאַליטעט איז אַ טרויעריקע נויטווענדיגקייט, אָבער פון ווען אָן איז דאָס געוואָרן אַ פּרינציפּ?

---

*) ווען דער אַרטיקל איז געדרוקט געוואָרן אין דער „פּראָלעטאַרישער שטימע“ האָט דער „קאַמף“, דאַמאָלסט דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער אָרגאַן, מיר אַריינגעליוגט אין חרם, פאַר פאַרלאַנגען אַ לעגאַלע פּאַרטיי. שפּעטער, האָבן אָבער די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן געלערנט פון ביטערער דערפאַרונג, אַז אומלעגאַלע פּאַרטייען קענען ניט האָבן קיין באַדייטונג און קענען ניט וואַקסן אין אַמעריקע.